יענער זייט גראַטעס, צו מיר אויף דער זייט גראַטעס פון פענצטערל, אַז איך צאַפּ זיין בלוט, פּרעס זיין פּראַצע און לעב אויף דעם מאַרך פון זיינע ביינער.

און איך האָב דעמאָלט געקראָגן גאַנצע צען דאָלאַר אַ וואָך.

אָבער דעם באַלעבאָס האָב איך פּאָרט נישט געהאָט די זכיה צו זען. געענדיקט האָט עס זיך דערמיט, וואָס מיין אויפזעער האָט מיך געשיקט נאָך עטלאַכע פלעשער שנאַפּס, וואָס מען האָט געזאָלט צו־גרייטן פאַר אַ הוליאַנקע פון אַרבעטער־פירער, וועלכע האָבן זיך אַליין געמאַכט אַ באַנקעטל אויס אָנערקענונג פאַר זייער אַרבעט. אַזוי ווי קיין געלט האָט מען מיר נישט מיטגעגעבן, נאָר בלויז אַן אָנווייזונג צו אַ באַקאַנט שענקל, אַז דאָס גייט אַל כעשבן פון דער יוניאָן, האָב איך זיך אויפן וועג געגומען איינרעדן, אַז מען האָט געטראָטן די ווירדע מיינע מיט די פיס, ווען מען האָט מיך, אַן אוניווערזיטעט־סטודענט געמאַכט פאַר אַ שנאַפּס שיק־אינגל. דאָס איז געווען אַ גוטער אויס־רייד פאַר זיך אַליין אַז איך זאָל מער נישט צוריקקומען צו דער יוניאָן־אַרבעט.

אַלס אַ לערער פון אַ אידישער שול, האָב איך אוואַדע געאַרבעט פאַר אַ קאָלעקטיוו. אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין די קעטסקילס האָב איך באַדאַרפט צעקייען גייסטיקע שפּייז סיי פאַר די קינדער און סיי פאַר די דערוואַקסענע, מערסטע פון זיי לונגענקראַנקע, וואָס פלעגן אָפּזיצן דעם גאַנצן ווינטערדיקן טאָג אַן אַ סענט לייזאַכץ אין די געשעפטן און געוואַרט אויף מעכיע פון זומערדיקן פּידיען. אין די לאַנגע ווינ־טערדיקע נעכט האָבן זיי געמעלקט דעם לערער, אַז ער זאָל זיי דער־ציילן מייסעס, ער זאָל זיי געבן ליטעראַטור, געשיכטע, אידישקייט, קולטור און ביכלאַל פון פויגלמילך. דערפאַר פלעגן זיי קומען זונ־טיק אָוונט, אויסגעפּוצטע און פריש־ראַזירטע, צום מיטינג, מיט די גראָטעסק־פעטע אָדער גראָטעסק־מאָגערע ווייבער זייערע. דער זונ־טיק אָוונט איז געווען זייערער. זיי האָבן געהאַלטן לאַנגע רעדעס און האָבן געמאַכט פאַרשידענע „פאַרלאַמענטאַרישע" פאָרשלאַגן, זיי האָבן זיך געקריגט און זיך געזידלט און זיך אויסגעוויזן פאַרשידענע רעכילעסן. די ווייבער האָבן זיך לעבעדיק באַטייליקט אין דער דיס־קוסיע ברעכנדיק אַלע פאַרלאַמענטאַרישע געזעצן און צו מיר האָט מען זיך געווענדט קעמאַט ווי מיט אַ פּיסטויל, אַז איך זאָל שוין דערקלערן בעפּרעסיע מיט וועמען איך האַלט. מען האָט באַדאַרפט זיין אַ ד'איז־ראָעלי זיך אַרויסצודרייען דיפּלאָמאַטיש פון דער דאָזיקער פאַרלעגנ־הייט. מיין יעדער שמייכל איז געוואויגן, געמאָסטן און פאַרטייטשט

געוואָרן אויף פאַרשידענע אויפאַנים: צו וועמען און פאַרוואָס האָט דער לערער געשמייכלט.

נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעמאַכט דאָס גליטשיק שטיקל וועג אַרויסקומענדיק נייטראַל אין דעם קאַמף צווישן בלוטיקע געשעפטס־קאָנקורענטן, האָבן די שול־עלטערן מיך גענומען באַלוינען. פאַר דעם לערער אין די אויגן האָט מען צוזאַמענגעשנאָרעט די וועכנטלאַכע סכירעס. געוויינלאַך פלעגט פעלן אַ צוויי־דריי דאָלאַר און דאָס האָט אַלעמאָל געפירט צו אַ לאַנגער, שווערער, דריקנדיקער פויזע. די ווייבער האָבן געקוקט אויף מיר מיט ראַכמאָנעס־אויגן און געזיפצט איבער מיין שווער שטיקל פאַרנאָסע. אָבער די פויזע איז שטענדיק העראָאיש איבערגעשלאָגן געוואָרן. אַ דערלייזער, אַ לאָהענגרין, שטעלט זיך אויף און מיט אַן ערנסט־געשעפטלאַך פּאָנים און שטאָלץ פון אַ פילאַנטראָפּ וואַרפט ער צו די עטלאַכע דאָלאַר מיט אַ מינע, אַז מער וועט ער אַזאַ נאָבלקייט נישט באַגיין און וואָס וועט מען טאָן קומענדיקע וואָך? דונער פון אַפּלאָדיסמענטן. די פאַרפעצטע דאָלאַרן — פון קאַצעוו, שוסטער, פלאַמער, שמיד, געזאַלין־הענדלער, סויכער, שניידער, שפּייז־פאַרקויפער, מעל־הענדלער, האָטעל־אייגנטימער, מעבל־הענדלער, בוטלעגער, און אַן אַקאָרע וואָס איז פאַרהייראַט צו אַ גוי און גיט אַלפּי טאָעס אַ דאָלאַר פאַר אידישער ראַדיקאַלער דערציאונג, מיינענדיק אַז דאָס פאַרזיכערט איר מיט אַ שטול אין גאַנאיידן — ווערן אין אַ זשמעניע איבערגעגעבן טריאומפאַל צום לערער.

אָבער כ׳האָב פאָרט געהאַט אַסאַך באַלעבאָטים און אים אַליין, דעם איינציקן, מיט דער בייטש אין האַנט, וואָס פאָרט אין די וואָרימבעדער און וואָרפט מיר צו קרישקעס האָב איך אַלץ נישט געהאַט דאָס גליק צו זען.

אַכט לאַנגע יאָר אָפּגעאַרבעט אין מיין ציטונג און דאָך נישט געזען מיין פאַטום, ביז ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג פון מיין יאָזדע און כ׳האָב געמוזט גיין צו אים כלאָפּאָטשען.

ער, אַ געשעפטלאַכער מענטש, וואָס ווייסט גענוי, אַז קיין רעוואָלוציעס וועל איך נישט מאַכן, האָט מיך אָפּגעפּאָטערט איינס־צוויי־דריי. איך בין געזעסן איינגעפּלאַטשט אין דער שטול אָנטקעגנאיבער און ס׳איז געווען קלאָר, אַז ער וויל פון מיר וואָס שנעלער פּאָטער ווערן און איך וואָלט אויך שוין געוואָלט, אַז דאָס זאָל אַריבער.

פון גרויס פאַרלעגנהייט, וואָס איך זע ענדלאַך דעם איינציקן, דעם מעכטיקן, וואָס האַלט דעם לאַבן ברויט איבער מיר, ווי גאָט די טוירע איבער די אידן, — וועסטו אָננעמען איז גוט, אַז נישט ווערסטו דאָ

באַגראַבן, — בין איך געזעסן אַן ווירדע. איך האָב מיסטאָמע באַ־דאַרפט אויסזען ווי אַ אינגל. מיין אויסגעגלייכקייט, מיין טאַלאַנט, מיינע דריי אָרימע לידער־ביכער, מיין איינגערעדטקייט — אַלץ איז געפּייגערט, ווייל ביי דער טיר פון קאַבינעט, האָב איך געהערט קלאָר, ווי ס׳האָט געיאָמערט מיין ווייב און ווי ס׳האָבן געבעטן מיינע דריי קינ־דער, אַז איך זאָל כאַלילע נישט מאַכן קיין פאַלשן שריט, נישט זאָגן קיין שלעכט וואָרט. עמעס אינדרויסן שיינט טאַקע די זון, אָבער איצט קאָן שוין קיין רייד נישט זיין פון רעזיגנירן און זיך וואַרפן מיט ברויט. בויג זיך נידריקער פאַטער פאַמיליאַס!

— איך וועל זען!

— אַ דאַנק! אַ גוטן טאָג!

קיין ענטפער. אָבער איך האָב ענדלאַך געזען מיין ברויטגעבער, געזען אַז ער באַטראַכט מיך בלויז ווי אַ דעביט, אַ שטיקל טינטפלעק אין זיינע געשעפטסביכער.

אַרויסקומענדיק אַן אויסגעפּאַטשטער מיט אַ ברענענדיק לינקן אויער און אַ פלאַמענדיקער באַק האָב איך אָנגעטראָפן מיין אויפזעער. זיין ערשטער בליק איז געווען סימפּאַטיש צו מיר. ער ווייסט אַליין צו גוט דעם טאַם פון אַזעלכע באַזוכן, אָבער ער האָט זיך שנעל אויס־געגלייכט, קעדיי איך זאָל אים כאַלילע אין מיין הילפלאָזיקייט נישט באַטראַכטן פאַר אַ כאַווער.

דאָס ביסעלע פאַרגעניגן פון מיין ערשטער יאַזדע, אין צוואַנציק יאָר, איז מיר אויסגעפאַלן באַקאַם, און ס׳האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ מאָדנער, אַן אָוונטיקער שרעק.

פון גרויס שרעק בין איך גלייך אַנטלאָפן צו דער שיף.

## II

ווען דאָס יאַם־צייטונגל האָט אונדז אינדערפרי אונטערגעטראָגן די נייס, אַז היטלער האָט אויסגעשאָכטן זיינע נאָענטע פריינט, נעמב־דיק פאַר גוט געלט מוסאָליניס ראַדיקאַלע אייצע, אַז מיט די זעלבע מענטשן מיט וועלכע מען מאַכט די רעוואָלוציע, טאָר מען ניט פירן די מעלוכע (אַפּאַנים, איידער אויסצוצאָלן די כויוועס, וואָס מען איז שול־דיק אַזעלכע פריינט איז שוין לייכטער זיי אויסצוקוילן) האָב איך מיט־אַמאָל אָנגעפאַנגען זוכן אידישן אויגן און אידישע אויערן.

דאָס יאַם־צייטונגל, אַ מיניאַטורס און אַן אויסגעפּוצטס, האָט די נייס וועגן היטלערן דערלאַנגט עלעגאַנט, שטיל און אָן קאָמענטאַרן, ווי עס וואָלט געווען נישט מער ווי אַ „טהריל" פאַר די הונדערטער

פּאָסאַזשירן. נאָכן רייכן און פֿאַרשידנאַויסוואָליקן פֿרישטיק סערווירט מען אויף אַ זילבערנער טאַץ די קעפּ פֿון אַ טוצן היטלערס פּעדע־ראַסטן — אַ טייל פֿון דער שיינער פּראָגראַם אויף דער שיף קעדיי די רייזע זאָל זיך נישט צועסן.

אָבער ס׳איז געווען אַרויסגעוואָרפֿן די אַרבעט. דער „טהריל״ וואָס די קריסטלאַכע פּאַסאַזשירן האָבן געקראָגן פֿון דער נייס איז געווען נול — אַבסאָלוט גאָרנישט מיט גאָרנישט. זיי האָבן געבלע־טערט דאָס צייטונגל, געלייענט די וויצן, געלייענט ספּאָרט, געלייענט די פּראָגראַם פֿאַר דער נאָכמיטאָג־אונטערהאַלטונג און זיך קנאַפּ אָפּ־געשטעלט אויף היטלערס „בלוט־ריינינקונג״.

און אַז איך האָב פּרובירט אַרויסצוקריגן אַ באַמערקונג פֿון אַ קריסטלאַכן פּאַסזשיר וועגן דער דאָזיקער וועלט־נייס, וואָס איז גע־קומען פֿון דער יאַבאָשע, איז די באַמערקונג געווען אַ פֿלעגמאַטישע. אַסאַך פּאַסאַזשירן האָבן צוגעגעבן אַז זיי האָבן די נייס נישט געזען און ווען זיי זענען עס שוין יאָ דורכגעלאָפֿן מיט די אויגן איז די באַ־מערקונג געוויינלאַך געווען —

„היטלער איז אַ פֿאַרדאַמטער נאַר!״ אָדער „הם . . . זאָלן זיי זיך פֿאַרדרייען זייערע קעפּ״ אָדער „דאָס איז בלויז אַן אָנפֿאַנג!״ אָדער נאָך אַזעלכע אומעמאָציאָנעלע ענטפֿערס. דער סקאַנדינאַווישער פֿריינט מיינער האָט מיר געגעבן אַ שאַרפֿע מאַרקסיסטישע דראָשע און געשריען אַז — ביי גאָט! די דענער האָבן פֿיינט דייטשן און אַז ס׳איז שוין צייט רוזוועלט זאָל זאָגן אַ וואָרט.

אָט־די אַלע ענטפֿערס האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אידישן טאַם און האָבן מיך נישט באַפֿרידיקט. איך האָב ענדלאַך איינגעזען אַז היטלער צו מיר מיינט עפּעס גאָר אַנדערש ווי היטלער צו זיי. היט־לער צו זיי איז (מיט אָדער אָן קאָס) דער דיקטאַטאָר פֿון דייטשלאַנד, און צו מיר מיינט היטלער — 600 טויזנט דייטש־אידישע ברידער — מיינע 17 מיליאָן ברידער און אונדזער היסטערישע מוירע פֿאַר דעם פּאַשיזם: היטלער — האַמאָן — טאָרקוועמאַדע — כמעלניצקי — קרו־שעוואַן — יאָזעף האַלער — האַקלאַל היטלער איז אַ לאַפּע, וואָס שרייבט מיט געוואַלט קאַפּיטלאַך אידישע געשיכטע און דערפֿאַר מוז ער מיך בלוטיק אָנגיין.

אין דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַלן גאַנאיידן אויף דער שיף איז די היטלער־נייס געווען דאָס ערשטע וואָס האָט מיר דערלאַנגט דעם פּאַטש איבער מיין אידישקייט.

איך האָב זיך דערפֿילט איינזאַם. איך האָב זיך געפֿילט באַליי־

דיקט פאַר דער ערשט־קלאַסיקער נייס, וואָס גייט ניוועץ און וואָס ווערט אויפגענומען אַזוי קאַלט און גלייכגילטיק. איך האָב געזוכט אַ „וואָרים אידיש האַרץ" וואָס זאָל מיר העלפן לאַכן, וויינען, אָבער אַלץ מיט דעם אידישן טראָפּ.

און כאָטש דער באַקסער האָט זיך באַקלאָגט אויף די אידישע בעסטעדס, וואָס באַהאַלטן זייער אידישקייט, האָב איך, עפּשער אונטער דעם דרוק פון די היטלער־נייס, אַנגעהויבן זען עטלאַכע אידן. עס קאָן זיין אַז זיי האָבן צוליב דער זעלביקער אורזאַך גענומען אַרויס־קריכן פון באַהעלטענישן און זוכן קאָמפּאַניע.

קוידעם, דער איד אין די שטעקשיך, מיט דעם געשוירן בערדל. אַ באַלעבאַטישער איד, וואָס איז געזעסן אויף אַ באַנק און אַריינגע־קוקט אין אַ סייפּער. זיין קאָל האָט זיך נישט געהערט, אָבער דאָס מויל האָט געקייט די הייליקע ווערטער. אַ שיינער איד, ציכטיק, אָפּ־געפּוצט און אידיש־אַריסטאָקראַטיש. שיינע אויסגעאיידלטע הענט, וואָס האָבן געמישט יעדעס בלעטל מיט איבערגעטראַכטער צוריקגע־האַלטנקייט, ווי עס וואָלט אים אַ שאַד געווען איבערצומישן און גיין ווייטער, ווען דאָס אָפּגעלערנטע בלעטל איז נאָך אַזוי פול מיט כאָכמע אַז עס איז איין לעשאַר.

ער זוכט אויס דאָס ווייטסטע ווינקעלע. ער וויל קענטיק נישט, אַז אַפילע זיינע רווישלאַזע לאַטשן זאָלן זיך דערטראָגן צו די אויערן פון אַ פיינטלאַכער און פרעמדער וועלט און נישט כאָלילע אויס מוירע, נאָר דערפאַר ווייל אַלע האָבן אונדז פיינט.

אַזוי דערקלערט ער מיר, ווען איך פאַרטשעפּע אים וועגן די נייס. אים גייט נישט אָן די שכיטע. מיט גוטן אידישלאַכן הומאָר פאַר־טייטשט ער מיר, אַז דאָס איז אַ פאַמיליען־אַנגעלעגנהייט און אַ היימי־שע כאַסענע. מיר זענען דאָ אינגאַנצן נישט קיין מעכוטאָנים, דער מוסער האַסקל פון דער געשיכטע איז אַז אַלע האָבן אונדז פיינט.

ווי אַזוי די דאָזיקע מאָראַל קומט ווי אַ לאָגישער אויספיר צו די לעצטע נאַצי־געשעענישן, איז אַפּלע שווער צו זען, אָבער ער פאַר־זיכערט מיך, אַז מען קאָן אַלע סאָנע איסראָעל מעוואַטל זיין, ווען מען קוקט אַריין אין אַ הייליקן סייפער.

דער איד האָט אויסגעזען צו זיין אַ זיבעציקער, אויף דער גרעניץ פון די געשענקטע יאָרן, און פון אים האָט געשלאָגן מיט אַ רו, וואָס מען קען עס נישט קויפן מיט דעם קייזערס גיטער. נישט געווען אין אים קיין שפור פון דעם גייעג אַריינצוכאַפּן וואָס שנעלער אַפילע אַביסל אוילעמהאַבע. אַז „דער טאָג איז קורץ און די אַרבעט איז

פיל״ איז אים נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט געלערנט צוליבן פאַרגעניגן און האַנאָע פון אַ טיפן רייען, ווייל אוילעמהאַבע איז אַ בייזאַך, ווייל ביז אוילעמהאַבע איז נאָך אַ ווייטער מעהאַלעך.

עס איז געווען אַ דערפרישונג צו זען אַ איד מיט דעם געמיט פון לאַאָ טזע׳ס אַפאָריזמישער כאָכמע — אַ שטאַרקער קאָנטראַסט צום געוויינלאַכן אַמעריקאַנער אידן, וואָס האָט מעקאַבל געווען אויף זיך דעם דורכשניט־טרויעריזם פון אַסעקוראַציע־טאַבעלן, אַז צו עטלאַכע און פופציק יאָר פאַלט מען ווי אַ פערד. דערפאַר דאַרף מען וואָס שנעלער אַוועקפּרעפּלען דאָס לעבן, שנעלער אָפּזיפּן די פליכטן, אַריינזיפּן דאָס ביסל גרויע פאַרגעניגן. דערפאַר דאַרף מען זיך אָפּילע צו אייגענע קינדער באַציען אָן צוגעוואָרצלטקייט און מיט אַ כאַפּ־לאַפּ, ווייל צו וואָס מאַכען נאָענטע באַקאַנטשאַפט? ווי לאַנג איז מען משטיינס געזאָגט אַ טאַטע — בלויז וואָסערע צוואַנציק יאָר.

ס׳האָט געשלאָגן פון אים מיט דער שאַבעסדיקער מענוכע, וואָס האָט געהאַנגען ווי אַ סאָד ביי אונדז אין הויז, ווען טאַטע־מאַמע האָבן פאַרמאַכט די טיר און זענען זיך געגאַנגען צולייגן אַביסל נאָכן טשאָלנט; אַ רו וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן, ערשט ווען דער טאַטע האָט אַרונטערגענומען די שטאַבעס און אייזערנע פרענטעס פון געשעפט. דער גערוך פון אייזן־זשאַווער, דער געפּרוירענער געקלימפער פון קאַלטע שליסלען און דער ערשטער קוינע אויף דער פולערוואַך, זענען געווען די סיגנאַלן, אַז גאָטאַווראַם האָט אָנגעצונדן אַלע בליצלאָמפּן און ס׳איז אַוועק שאַבעסקוידעש און געקומען די וואָך מיט זאָרגן.

און ס׳האָט דער איד אין די לאָטשן פּלוצים פאַרקניפּט מיינע ערשטע זיבעצן־אַכצן יאָר אינדערהיים מיט מיין איצטיקער רייזע צוריק אַהיים צו זען די מאַמען. אירע אויערן זענען געל ווי וואַקס, שרייבט מיר מיין מומע, זאָלסט טייקעף אַלץ איינפּאַקן און פאָרן און האַשעמאיסבאָראַך זאָל העלפן דו זאָלסט זי נאָך טרעפן.

פאָרט איצט די שיף צוריק צו מיינע יונגע יאָרן, ווי זי וואָלט געשווימען צוריקצעוועגס. די צוויי צענדליק יאָר אין אַמעריקע זענען פּלוצים צעריבן געוואָרן אונטער די הענט. דעריקער זענען עס איצט די ערשטע יאָרן וואָס זוכן זיך אָנצוקניפּן אין אַלץ וואָס איז מיר ווידער באַשערט אינדערהיים, ווי צוויי אויסגעהוילטע העלפטן פון אַ שפּילצייג וואָס ווילן ווערן גאַנץ.

אַ מאַבל פון אויטאָביאָגראַפישע ברעקלאַך האָט גענומען פאַלן אויף מיר פון אַלע זייטן. כ׳האָב שטאַרק געקעמפט קעגן דעם ניסאָ־

יען, אַז כ׳זאָל שוין איצט, און נישט מיט עטלאָכע און צוואַנציק יאָר שפּעטער, נעמען אונטער דעם לאַנצעט מיינע ערשטע יאָרן. וואָס וועל איך טאָן צו זעכציק, ווען די ליטעראַטור, אונטער דעם דרוק פון עקאָנאָמישן „דרייסיק יעריקן קריג״, וועט מיסטאָמע איינגאַנצן האָבן אָנגעוואָרן האַפט, און ס׳וועט בלויז בלייבן די נייגיר פון אַלטע רעכילים־ניצעס אַריינצוקוקן איינער צום אַנדערן אין „סייפער האַכאַאים״? אָבער כ׳האָב פונדעסטוועגן אַביסל נאָכגעגעבן דעם יעצערהאָרע און כ׳האָב אָנגעהויבן רעסטאַוורירן זיך, ווי כ׳האָב עס קיינמאָל נישט געטאָן אין די צוואַנציק יאָר, וואָס כ׳בין געווען אַוועק פון דער היים.

נישט קיין פּיפּערנאָטערס און נישט קיין עקדישן, נישט קיין פּיפּלאָקסן און נישט קיין ווייזלטירס, נישט קיין לייבן און נישט קיין לעמפּערטן, אַפילו נישט קיין ווידערס און קיין הירשן — ווער קען פאַרשטיין דעם צאַר פון אַ קינד וואָס די אַלע כאַיעס זענען נישט אַרומגעלאָפן אין לובלין! ערגעצוואו זענען ווייטע לענדער געבענטש מיט אַלדאָסגוטס, אָבער לובלין פאַרמאָגט נישט קיין טשיקאַוועקייטן — אַכוץ אַ שטאָט־זייגער און אַ פייערלעשער וואָס טראָמפּייטערט אויס ביינאַכט די פערטל שאָען, האַלבע שאָען און גאַנצע שאָען ביז כצאָס, ווען אַלץ שלאָפט אַכוץ די רירעוודיקע מייסעס אַרום דער שול.

אויף די קליינע מאַפּעס איז מיין לובלין אַפילו נישט געווען אָנגעצייכנט, בלויז אויף גרעסערע לאַנדקאַרטעס האָב איך געזען אַ דינדין שטריכל מיט קוים באַמערקבאַרע בוכשטאָבן ליובלין און אויף גאָר־גאָר גרויסע מאַפּעס האָט מען אַפילו געקענט זען די ביסטריצאַ, דאָס איז אונדזער ביסטשיצע, דאָס טייכל וואָס קערט זיך אַן אַ שטיקל שיינבעשלישע מיט דער וויסל פון מיין שטאָלצער און גרויסשטעטישער וואַרשעווער מישפּאָכע.

העט פאַרן עמבריאָ — אַן עלטערזיידע פון טאַטנס צאַד מיט דעם דייטשמערישן נאָמען ענזל און אַ זיידע יאָסל ענזלס. (כ׳האָב זיי ביידן נישט געקענט). ענזל איז פאַר מיר געווען נישט מער ווי אַ נאָמען, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ צונאָמען. די פאַמיליע־אַרכיוון, דאָס הייסט די עלטערע פעטערס און מומעס, האָבן אים געהאַט פאַרצייכנט אַלס אַ איד, וואָס האָט פאַרדינט זיין וואַסער אויף קאַשע פון שאַמאָסעס. אַ שטילער איד, וואָס האָט נישט אויסגערעדט קיין הויך וואָרט און וואָס האָט מיט זיין גאַנצער האַנהאָגע אַרויסגערופן דעם פאַרדאַכט, אַז ער איז עפּשער אַ לאַמעדוואָווניק. דער זיידע יאָסל ענזלס איז שוין מער פלייש און בלוט. אַ וויכהאַרציקער עקספּלאָטאַטאָר וואָס האָט געהאַט אַ וואַרשטאַט, וואו מ׳האָט גענייט וויפּראַוועס פאַר פּריצישע

קינדער, פאַר דעם גובערנאַטאָרס טעכטער און גלאַט פאַר גרויסע נעגידיסטעס. פאַר אים האָבן געאַרבעט אַ דרייסיק מיידן, וואָס האָבן געגעסן און געשלאָפן אויף טאַפּטשאַנעס אין דעם זיידנס קאָמעניצע. דאָרט האָבן זיי געטרילערט זייערע ליבע לידער, דאָרט האָבן זיי גע־קראָגן נאָדן און פון דאָרט האָבן זיי כאַסענע געהאַט.

מיין זיידע אַליין איז קיין גרויסער לאַמדן ניט געווען, אָבער ער האָט פרום אָפּגעהיט יעדן טאָג דעם כאַקלעאיסראָעל און דאָס דאַווענען בע־ציבור. בעאייס די פאַעטאָנען זענען געשטאַנען אַרום הויז און גע־וואַרט אַז יאָסל ענזלס זאָל קומען און מיט זיינע אייגענע הענט מעסטן דאָס כאַסענע־קלייד, האָט ער געשמאַק געדאַוונט און געוואוסט אַז מעט וואַרטן. און געווען איז ער, דערציילן מעווינים, סאַכהאָקל אַ קאַליקע, אַ שניידער, אָבער ער האָט געהאַט פערזענלאַכן כיין און מאַזל צו מענטשן. זיבן זין ווי די סאָסנעס האָט יאָסל ענזלס איבערגע־לאָזט און אַ גרויס אָרימקייט פאַר אַ יערושע פון אַלע זיינע גליקן. ווען ער איז געשטאָרבן פון אַ בלוט־שטורץ איז געבליבן אַן אַלטע קאָמעניצע, אָבער גיי גריזשע שטיינער, ווען מען איז הונגעריק און די געדערים מאַכן אַ טומל.

געשטאָרבן איז יאָסל ענזלס פון אַגמעסנעפּעש, וואָס מיין טאַטע, זיין זעקסטער זון, איז אַוועק דינען פּאַניען.

פון דער מאַמעס צאַד — קליינשטעטלדיקע פּוילישע רעבעלאַך און אַן עלטערבאָבע דרעזל, וואָס איז געבליבן אַ יונגע אַלמאָנע. ווען איר מאַן איז געשטאָרבן איז די באָבע דרעזל געווען פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט אַ זעקס וואָכן. און ווייל דאָס האָט געקענט פירן צו מיעסע רעכילעס האָט זי פאַרכאַפּט דעם וועג אַלע אומריינע מיילער און זי האָט אויסגערופן אויפן בעסאוילעם פאַר קוואורע, אַז זי שוואַנג־גערט און אַז מען זאָל כאַסוועשאַלעם נישט מוציא שעם ראַ זיין אויף איר. אַזוי האָט די באָבע דרעזל נישט געוואָלט ריזיקירן מיט מאַלע וואָס מענטשן קענען זאָגן. און טאָמער איז דאָס ווייניק, האָט זי זיך טאָפּלט פאַרזיכערט און אַ נאָמען געגעבן די טאָכטער בינע, נאָך איר מאַן ביניאָמען.

אַזוי ווי איר מאַן איז געווען אַ קאָדעשוועטאָהער, האָט די עלטער־באָבע געקראָגן אַ וויכטיקע קאָהעלשע קאָנצעסיע — זי איז געוואָרן די טיקערקע. די עלטערבאָבען האָב איך געקענט און איך געדענק זי זייער אַקוראַט ביים אויספירן פּינקטלאַך און שטרענג אירע פליכטן. ווייזט אויס אַז די מאַמע האָט מיך נאָך דאַמאָלס געהאַלטן פאַר אַ קנאַפּ מאַנספאַרשוין ווען זי האָט מיך מיטגענומען אין מיקווע. מיך

האָט מען אַוועקגעזעצט אויף אַ נאַסער באַנק, בעאייס די ווייבער און אידענעס האָבן זיך גוט־אידישלאַך געפּלעסקעט אין וואַסער לויט אַלע דינים, אונטער דער שטרענגער און קאָמפּעטענטער אויפזיכט פון מיין עלטערבאָבען.

און אַז די עלטערבאָבע האָט זיך געקענט אַביסל אָפּרייסן פון דער אַרבעט האָט זי מיר אונטערגערוקט אַ דרייער און מיר אָנגעוואונטשן אַז מיין קאָשער הערצעלע זאָל זיין אָפן פאַר טוירע, ווי גאָטס הייכל.

איר זון איז נעבעך געבליבן אַ ווייסטער יאָסעם צו זיבעציק יאָר, ווען די מאַמע איז אים אַוועקגעשטאָרבן צו הונדערט. דער זיידע אַווראָם איז געווען אַן אַלמען און זייט איך געדענק אים האָט ער געוואוינט מיט אונדז. דער זיידע איז געווען אַ זייל פון הויזגעזינד ווי דער טאַטע, די מאַמע און די ברידער.

דער זיידע אַווראָם האָט געהאַט אַ שיינע ווייסע באָרד, וואָס איז אַביסל איבערגעפּירט געוואָרן און איז געוואָרן גרינלאַך פון שמעק־טאַבאַק. ער האָט פאַרמאַגט אַסאַך טאַבאַק־שקעטלאַך, אָבער אַלע זענען געווען פּראָלעטאַרישע — ביינערנע, הילצערנע, און קיין איין זילבערן שקעטעלע, אָפּגערעדט פון אַ גילדנס.

דעם זיידנס טואַלעט האָט גענומען אַסאַך לענגער ווי פון אַ פּרי־מאַדאָנע. איידער ער האָט געמאַכט זיין אויפטריט אין גאַס האָט ער זיך געפּוצט די שטיוועלאַך, געקעמט די באָרד און זיך געשפּיגלט. ווען ער איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר פלעגט ער מיך צורופן פאַר דער לעצטער, שטרענגער אינספּעקציע, אויב ס׳פאַרוואַלגערט זיך כאַלילע נישט קיין פעדערל אויף אים. אַלע פרייטאָג איז ער געגאַנ־גען אין מערכעץ און ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער נאָך געהאַט צייט פאַר אַ דרעמל, איידער ער איז געגאַנגען אין רעבינס בעסמעדרעש מעקאַבל שאַבעס זיין. און ביי אונדז אין הויז האָט זיך געפירט אַז קיינער האָט זיך נישט צוגערירט צום קוילעטש, ביז דער זיידע האָט קידעש געמאַכט.

געווען איז ער אַ גאָלדשמיט און ער האָט געהאַט מאַדנע מאַכשי־רים און דער מאָדנעסטער פון אַלע איז געווען אַ פייער־בלאָזער צו שמעלצן גאָלד, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ קאָפּעטש איבערן גאַנצן הויז. ער האָט גערייניקט פינגערלאַך, אוירינגלאַך און ציטערשפּילקעס. אָבער דאָס איז געווען אַלץ אומזיסט, פאַר דער גאַנצער מישפּאָכע, אַכוץ פאַר דער מאַמען, וועלכע האָט זיך באַדאַרפט קריגן מיט אים שיינע עטלאַכע וואָכן, ביז ער האָט זיך צוגערירט צו איר גאָלדוואַרג.

ער פלעגט זיך אַמאָל אַרויסלאָזן מיט זיין פעקל געצייג איבער די

קליינע שטעטלאַך און איז אַלעמאָל צוריקגעקומען מיט אַ פיינעם דע־פיציט, וואָס ער האָט געמוזט דעקן מיט עטלאַכע היבשע טרינק־בראָנפן און אַ געשמאַקן מאַלצייט.

דער זיידע פלעגט נאָך אַזאַ דערלובאַכץ ווערן רויט ווי טשוויק און די בלויע זאַרגלאָזע און קינדישע אויגן האָבן זיך אים גענומען קלעפּן. באַלד האָט מען אים שוין געזען ליגן אויסגעצויגן אויף זיין בעט און מען האָט אים געהערט אַריינשנאַרכן אין דער אונטערשטער ליפּ און אין דער באָרד אַריין, וואָס האָט זיך געהויבן רעגלמעסיק אַראָפּ און אַרויף ווי אַ האַרץ.

מיר, די קינדער אין הויז, האָבן געמוזט גיין אויף די שפּיצפינ־גער, ווייל די מאַמע האָט מיט האַלבן שטאָך און האַלבן באַפעל אָנ־געשריגן אַז דער זיידע, דער גרויסער פאַרדינער, איז צוריקגעקומען פון מערכאַקים און ער כאַפּט אַ דרימל.

די שיף האָט זיך קוים־קוים געהוידעט. דער איד אין די לאַטשן האָט פאַרמאַכט די אויגן און געכאַפּט אַ דזשים. די לופט איז געוואָרן אַביסל שאַרפער און פון יאָם איז געקומען דער וואונדערבאַרער קי־לער אַראָמאַט פון וואַסער, וואָס איז שאָען לאַנג אָנגעוואַרימט געוואָרן פון דער זון.

## III

דער צווייטער איד האָט זיך אַזוי שנעל נישט געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענטקע. ער איז געגאַנגען געאַרימט מיט אַ דיפּלאָמאַט פון האַיטי, וואָס האָט גערעדט אַ האַרצרייסנד־שיינעם פראַנצויזיש. דער דיפּלאָמאַט פון האַיטי איז געווען אַ מולאַט, אָבער אין אים איז ניט געלעגן קיין שיפּלעס. ער האָט זיך געהאַלטן העפלאַך אָבער שטאָלץ. עפשער איז ער גאָר געווען אַן אורא‌ייניקל פון טוסען ל׳אואווערטיור, דער נעגער־שקלאַף וואָס האָט אין 1801 אויסגעקעמפט די אומאָפּהענ־גיקייט פון האַיטי און האָט עלעקטיריזירט די גאַנצע וועלט מיט זיין מיליטערישער געוואַגטקייט, אַז אייראָפּע האָט אים אַזש געקרוינט מיט דעם נאָמען „שוואַרצער נאַפּאָלעאָן״.

דער דיפּלאָמאַט האָט גערעדט הויך און קאָקעטיש אַז אַלע זאָלן הערן ווי שיין און פערלדיק פראַנצויזיש קען קלינגען. ער האָט גע־רעדט מיט אַלע כושים און אַרויסגעבראַכט אַלע באַהאַלטענע אַקצענ־טירונגען. זיין באַגלייטער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט און ער איז געווען אין זיבעטן הימל, ווען ער האָט געקענט אַריינשטעקן אַן אייגע־נעם פראַנצויזישן זאַץ, וואָס האָט ווידער אַרויסגערופן ביי דעם מולאַט

אַ גאַנצן שטראָם מיט נייע עלעגאַנצן פון שפּראַך. ער האָט איינגע־שנורעוועט דאָס מויל מיט די דיקלאַכע ליפּן, אַז עס איז אויסגע־קומען ווי אַ דאַמסקע מיילכעלע און מיט דעם פּיסקל פון אַ שלייען האָט ער יעדעס וואָרט דערלאַנגט אַ קוש און עס אָפּגעלאָזט ווי אַ פייגעלע.

דער דיפּלאָמאַט פון האַיטי איז געווען שלאַנק. די שטריכן פון זיין מולאַטיש פּנים זענען געווען געטאָקטע. די נאָז אַ לאַנגע, קע־מאַט אַ אידישלאַכע און באַהויקערטע. ער האָט פאַרמאָגט כיטרע אויגן און אַקטיאָרישע זשעסטן. ער האָט לאַנגזאַם און גאַלאַנט אַרונ־טערגעלאָזט דעם קאָפּ יעדעס מאָל, ווער ער האָט זיך פאַר אימיצן פאַרדאַנירט פאַר דעם מינדסטן באַריר, וואָס האָט געקענט ווייטלאַך אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ שאָטן פון אַ שטויס. קורץ, ער האָט פאַר־מאָגט אַלע שמאַדשטיקלאַך פון אַ דיפּלאָמאַט, כאָטש ער איז געווען שוואַרץ און כאָטש ער קומט פון אַזאַ אומדיפּלאָמאַטישער רעפּובליק ווי האַיטי.

זיין באַגלייטער איז געווען אַסאַך נידעריקער און דער שלאַנקער דיפּלאָמאַט האָט זיך אַלעמאָל אַנגעבויגן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויסגלייכן מיט דעם קורץ־געוואַקסענעם מיטשמועסער—דאָס איז אויך געווען אַ זשעסט פון גרויס איידלקייט, קעדיי זיין הייך זאָל ניט צו שטאַרק אונטערגעשטראָכן ווערן. ווען איך האָב דעם נידריקן מיר־ניט־דיר־ניט פאַרטשעפּעט מיט היטלערן, איז ער געבליבן שטיין ווי אַ פאַרהיפּנאָטיזירטער האָן. אַ ווייל האָט ער זיך ניט גערירט פון אָרט. פּלוצים האָט ער אויטאָמאַטיש אָפּגעלאָזט דעם דיפּלאָמאַטס אָרעם און דער שלאַנקער מולאַט, ווי גאָרנישט וואָלט געשען, האָט מיט דער זעלבער גראַציע און מאַנערלאַכקייט אַ כאַפּ געטאָן אַ דאַמע ווי צו אַ טאַנץ און ער האָט מיט איר פאַרגעזעצט זיין שפּאַציר אויף דעם זונדעק.

דער קורץ־געוויקסיקער איז געבליבן שטיין מיט מיר און ער האָט דעם העלד זיינעם נאָכגעקוקט מיט אַ פאַריאָסעמטן בליק.

פונוואַנען איז מיר איינגעפאַלן אַז ער איז אַ איד? פרעגט ער, ווי ס׳וואָלט אים געטראָפן אַ גרויס אומגליק, אַז סאַכהאַקל איז ער ניט קיין געוויינלאַכער, פּוילישער איד, נאָר ער איז גאָר אַ האָלענדער.

ער איז שיקלדיק אויף אַן אויג, וואָס האָלט אין איין פאַרשווינדן און קומט גלייך אַרויס פון באַהעלטעניש. ער איז אַ פלעגמאַטיקער און דער פאַרזיכטיקער, ערשט פון דער נאָדל אויסגעשטודירטער, ענג־ליש זיינער פּאַסט זיך צו זיין גאַנצער נישט־רירעוודיקייט. די הענט

רירן זיך נישט. די פיס זענען שווער און די געדאַנקען, וואָס ער זעצט איבער פון האָלענדיש אויף זיין ענגליש, קומען אַרויס נאָך שווערער. ער באַטראַכט דעם געשפּרעך מיט מיר ווי אַ סאָרט געפּעכט און ער רעדט צו מיר מיט כיטרעקייט און וואַרט די גאַנצע צייט אַז איך זאָל נעמען די אָפּענסיווע.

איך בין דאַווקע און גראַד אַ פּוילישער איד, גיב איך אים אַ וואָרף אַריין.

ער מאַכט מיר דעם גויעשקן קאָמפּלימענט, אַז איך קוק דאָס נישט אויס. אַז איך גיב אים אַ פרעג וועגן זיין אָפּשטאַמונג, וויל ער בעאיין אויפן זיך נישט לאָזן דערקענען צו מיר, אַפילע נישט דורך זיין עלטער זיידן. וואָס מיר שפּאַנישע אידן, וואָס מיר צוגעוואַנדערטע פּוילישע אידן, וואָס מיר באַרוך שפּינאָזאַ — ער שטאַמט פון דאָר־דוירעס האָלענדישע אידן און אַ סאָפּאַנעק.

איך וויל אים פאַרקערעווען אויף פילאָלאָגיע און פרעג אים אויב ער האָט נאָך ביי זיך אין דער מישפּאָכע געהערט רעדן דעם אַלט־פרענקישן האָלענדישן אידיש, אָדער ערגעץ צופעליק אין דער אידי־שער אַמסטערדאַמער געטאָ. אָבער ער טרייסלט זיך אָפּ פון אַלץ, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט ס'זאָל זיך צו אים צוקלעפּן אַ פאַרדאַכט, אַז ער האָט צו טאָן מיט עפּעס וואָס איז נישט האָלענדיש. ער גיט מיר די קאַרגע אינפאָרמאַציע, אַז ער שטאַמט פון רייכע סאָכרים, אַז ער האָט געמאַכט אַ קורצן וויזיט קיין אַמעריקע, וואו ער האָט פאַרבראַכט בלויז דריי וואָכן און איצט פאָרט ער צוריק אַהיים צום טאַטן אין גע־שעפט אַריין.

די אידן אין האָלאַנד? ער וויל אינגאַנצן נישט רעדן וועגן דעם אידער ער דערלאַנגט מיר די נוצלאָכע לעקציע, אַז די האָלענדישע אידן זענען פריער פון אַלץ גוטע האָלענדער און ערשט דערנאָך אידן. זיי נעמען אַ שטאַרקן אינטערעס אין פּאָליטיק. זיי זענען פּאַטריאָטן און ערשט ווען זיי שעפּן אינגאַנצן אויס אַלע זייערע פליכטן צום לאַנד ביז צום דנאָ, אַז מען קען צו זיי קיין פּרעטענזיעס נישט האָבן, זענען זיי אידן אויך, אָבער דאָס אידישקייט זייערס זעט זיך קוים אָן אויפן שפּיץ גאָפּל.

מיט וואָס זענען זיי צוגעבונדן, פרעג איך אים, צום אידישן קלאַל?

מיט גאָרנישט — שטרייכט ער אונטער מיט האַרץ, צופרידן וואָס איך האָב אים געגעבן אַ געלעגנהייט צו איזאָלירן דעם האָלענדישן אידן — די האָלענדישע אידן זענען עפּעס אַ דערשיינונג פאַר זיך.

אַ מין דרייצנטער אידישער שייוועט אַן געשיכטע און אַן טראַדיציע. עפּשער זענען ערגעץ באַגראָבן אָפּאַקריפן, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף זייער אָפּשטאַם (ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש, אָבער עס איז קענטיק, אַז ער וויל זיך שפּילן באַדיי מיט נאַאיוויטעטן, איידער אַרויסצוקומען מיט שאַקירנדיקע עמעסן).

לאַנגזאַם אָבער קומט ער פאַרט אַרויס מיט לאַשן. די האָלענדישע אידן האָבן פיינט פּוילישע אידן, נישט ווייניקער פון די קריסטן. ווען די פּוילישע אידן שלומפּערן זיך אַרום אויף די אַמסטערדאַמער גאַסן מיט זייער לעכערלאַכן פּויליש־אידישן טראַכט און מיט זייערע לאַנגע קאַלטענעוואַטע בערד, איז עס אַ שאַנדע פאַר די קריסטן, וועלכע זע־נען טאָלעראַנט און געדולדיק. די פּוילישע אידן טוען די אידן אין האָלאַנד אַסאַך שאַדן. זיי פאַרפּאַטשן זיי דאָס פּאָנים. די האָלענדישע אידן זוכן זיך מיט זייער גאַנץ ווענן אָפּצוגרענעצן פון די דאָזיקע לייט, אָבער עס איז שווערלאַך צו איבערצייגן די קריסטן. ס׳פאַלט פאַרט אַ שטיקל אַכראַיעס אויף די האָלענדישע אידן.

פאַרוואָס קומען זיי שטערן די גוט־איינגעאָרדנטע רו פון אונ־דזערע עלטער־עלטער זיידעס? איך אַליין, שווערט ער מיר, ווער רויט, ווען איך זע אַ פּוילישן אידן. פאַרוואָס מוזן זיי אויפרייסן די אויגן מיט זייער פאַראַקשנטער אַנדערשקייט?

פאַרוואָס, מאַך איך זיך טאַמעוואַטע, דאַרף דאָס אייך אַרן? אַרט אייך אַ כינעזער? אַ הינדוס? אַ נעגער? כ׳הויב אָן צו פאַרדעכ־טיקן, נעם איך אים אַביסל די לעבער, אַז איר זענט גאַרנישט אַזאַ באַפרייטער האָלענדער ווי איר ווילט זיך איינרעדן, ווייל אויף אייערע פּלייצעס מוזט איר טראָגן ווי אַ געלע לאַטע די בושע פאַר דעם פּוי־לישן אידן, וואָס איז נישט אייער פעטער און אַפּילע נישט אייער גע־שוועסטער־קינד.

אָבער ער לאָזט מיין שטאָך אומבאַמערקט און ער מאָלט פאַר מיר, ווי די אידן אין האָלאַנד האָבן זיך געפילט אייזן־שטאַרק אין זייער איינגעפונדעוועטקייט, ביז דער היטלער האָט גענומען בושעווען.

ביי אונדז איז אָבער דערוויל קיין אַנטיסעמיטיזם נישט קענטיק. אַלע זענען גלייך. ביי אונדז זענען דאָ אידישע מיניסטאָרן, ריכטער, פּראָמינענטע געשעפטסלייט און אַלץ וואָלט געווען רואיק, אָבער מיט היטלערן נישט ווייט — האָלענדער האָבן אַפּילע נישט שטאַרק ליב די דייטשן, אָבער ווער קען וויסן? ביז היטלער האָט מען געלעבט זייער באַקוועם.

איר שרעקט זיך, הייסט עס, פאַר היטלערן.

ער גיט צו, אַז ער פילט זיך נישט גאָר זיכער.

און אַט־דער היטלער־שרעק פאַרברידערט אייך נישט־ווילנדיק מיט די אַנדערע צוועלף אידישע שוואָטים, ווייל איך מיין האַלענדישן שטיף־ברודער אַנכאַפּן ביי אַ לאַץ און אים האַלטן.

ניין! בעשום אויפן נישט פאַרברידערט! מיר זענען פריער פון אַלץ, ווי איך האָב שוין באַמערקט, גוטע האָלענדער.

איך בין היבש מיד געוואָרן פון דעם שטרויענעם דועל. מיין יונגער צוויי־הונדערט פּראָצענטיקער האָלענדער האָט אַוואַדע געמיינט, אַז ער רעדט מיט זיין אייגענער שטים, אָבער איך האָב געהערט דאָס וואויל־באַקאַנטע פאַרזשאַווערטע קאָל פון מיינע ברידער אין זייער פאַרשידנלענדערדיקער און פילשפּראַכיקער צוגעפּאַסטקייט.

אָבער ווי סעפּאַראַט־האָלענדיש איר זאָלט נישט זיין — וואַרף איך אים צו אַ גרויזאַמען שמייכל — זענט איר אָבער לויט דער סאַמע לעצטער וויסנשאַפט אַ נישט־אַריער. די גוט־באַגרינדעטע ראַסן־לערע וועט אויף אייך אַרויפליייגן די לאַפּע און אייך דערטאַפּן, ווי האָלענדיש איר זאָלט נישט זיין. און נישט־אַריער, מיין ליבער פריינט, זענען איצט גאַנצע זיבעצן מיליאָן אידן, נישט נאָר וואָסערע 600 טויזנט דייטשע אידן. איר און איך, דער אַמעריקאַניש־פּוילישער איד, ווען מיר קוקן זיך אָן אין דעם נייעם טעווטאָנישן שפּיגל, זענען מיר גלייכע נישט־אַריער.

און איך וויל אים אָפּלאָזן, אָבער ער לאָזט שוין מיך נישט אָפּ. ער וויל רעדן וועגן אידן און אידישקייט, ווי אַ מענטש וויל אַמאָל קראַצן אַ וואונד. רעדוציר איך שוין ווידער דעם געשפּרעך צו דאַרדעקע פראַגעס און איך שטעל אים אַזאַ קלאָצקאַשע:

ווען איר הערט, אַז אין כינע ווערן אויסגעשאָכטן כינעזער און אין דייטשלאַנד אידן — וואָס גייט אייך אָן מער?

איך קעמף מיט זיך. ווי אַ ציוויליזירטער מענטש, ווייל איך, אַז ביידע זאָלן מיך גלייך אָנגיין, אָדער גלייך נישט אָנרירן. אָבער מען מוז פאָרט צוגעבן, אַז די נייס וועגן אידן טרעט צו אַביסל נענטער צו מיר.

פאַרוואָס?

פאַרוואָס?

איך כאַפּ זיך, אַז מיר האָבן ביידע געפרעגט די זעלבע פראַגע אין דער זעלבער צייט.

עפּשער, באַמערקט ער, איז עס פערזענלאַכער שרעק, אַז אידישע צאָרעס פון אַלגעמיינע אידן וועלן אויך דערשווימען צו די האָלענדי־

שע אידן. און דאָס וואָלט געווען אַן אַוולע, רעדט ער מיט אַ רירנדער
נאַאיווער אָפנהאַרציקייט, ווייל האָלענדישע אידן זענען אַזוי אַנדערש.
זיי זענען, ווי איך האָב שוין פריער פעסטגעשטעלט, פריער האָלענ־
דער און ערשט שפּעטער אידן.

און אַזוי איז ער צוריקגעקומען צו זיין איינגעשטודירטן מאָנאָטאָן.
ער איז געוואָרן באַרעדעוודיק. זיין שטים האָט נישט פאַרמאָגט קיין
מוזיק. אַטאָנאַלע ווערטער אָן עכאָס. ער האָט געמאָלן און געמאָלן.
ער האָט זיך געוואָרפן מיט דעם ביסל בילדונג זיינס. ער האָט מוש־
טירט נעמען פון פילאָזאָפן, שרייבער, מוזיקער און איך האָב גאָר גע־
טראַכט פון קיך־בילדער — אַ האָלענדישע מיל, שווערע הילצערנע
שיך מיט אַרויפגעבויגענע נאָסקעס, נאַרישע פלאַקסענע האָר און פאַר־
טראַכטע פינגער, וואָס מעלקן אַ קו. און פון קאַניטפאַרשטאַן, דעם
העלד פון מיינע כרעסטאָמאַטיע־יאָרן, דער העלד וואָס לעבט און לאַבט
און שטאַרבט אין איין טאָג. אַ קולטורעלע, אַ שיינס, אַ פיינס, אַ ריינס,
אָבער פּאָרט אַ קולטורעלע און מיט דעם מוז זיך אונדזערס אַ „דרייצנ־
טער שיוועט" צוזאַמענוואַקסן ווי אַ ראַק, ביז צום נישט דערקענען,
ביז צום נישט געדענקען—אַפילו די ברייטע, פעטע, פּאַטריאַרכאַלישע
אידן פון רעמבראַנדט, אַפילו נישט דעם טערפּקע אידיש־קריסט־
לאַכן טאַם פון דעם טראַקטאַטוס טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטיקוס פון בענע־
דיקטוס —

לעצטנס, מאָלט ער און מאָלט,ליידן די האָלענדישע אידן פון דעם
ציאָניזם, וואָס האָט ווי אַן עפּידעמיע אַרומגעכאַפּט די יוגנט. איר
פאַרשטייט, צו זיצן אין האָלאַנד און כאָלעמען פון פּאַלעסטינע! זיי־
נער אַ קוזין, אַ העכסט־געבילדעטער יונגערמאַן, אַ זון פון אַ רייכער
פאַמיליע, האָט אַלץ אויפגעגעבן און אַוועקגעפאָרן קיין ערעץ איסראָ־
על, וואו ער אַרבעט שווער און ביטער. זיינע עלטערן ווילן אים נישט
קענען און ער שרייבט זיי נאָך בריוו, און רייצט זיך מיט זיי, אַז ער
איז גליקלאַך, ער האָט געפונען אַן ערד אונטער זיינע פיס. פאַרוואָס
זאָל אַזאַ יונגערמאַן, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביי שמאַדן זיך, פלוצים
ווערן אַ ציאָניסט? ווער ווייסט? דער טייוול זאָל עס נעמען! אַ
צאָל אידן וואָס זענען געווען מער קריסטן, איידער אידן, האָבן זיך אָנ־
געהויבן צו אידענטיפיצירן אַקטיוו מיט ציאָניזם. דאַווקע די סאָמע
דערווייטערטסטע און סאָמע האָלענדישסטע אידן. דאָס איז עפּשער היט־
לער־פּאַניק, טרייסט ער מיך, אָבער נאָך מערער זיך אַליין. די גוטע
האָלענדישע אידן קוקן קרום אויף אַזעלכע ציאָניסטישע פלירטן. עס
איז שענדלאַך! עס קען נאָך איבערפירן דעם גאַנצן רעספּעקט פון די

קריסטלאַכע שכיינים, אַ רעספּעקט וואָס די אידן האָבן מיט אַזויפיל מי און באַזאָרגטקייט, קולטיווירט און אָנגעזאַמלט פאַר דורעס. ציאָניזם איז אַ גרויס געפאַר פאַר אונדז. ווען דער האָלענדער זאָל זיך דערוויסן, אַז אונדזער האַרץ ליגט אויסער די גרעניצן פון האָלאַנד —

פאַרוואָס שמאַדט איר זיך נישט? פרעג איך אים פּלוצים.

ער באַליידיקט זיך גאָרנישט אויף מיר. זיינע נישט געפאָרטע אויגן גיבן צום ערשטן מאָל אַ בליץ מיט בענקשאַפט. ער פאַרטרויט מיר, אַז אים ציט זייער שטאַרק צו דער ראָמאַנטיק פון דער קאַטוילישער קירכע. ער האָט זיך שוין אַסאַך מאָל באַראָטן מיט זיין פּאַטער, אָבער דער אַלטער האָט אים אָפּגערעדט, כאָטש קיין גוטע פעסט־פרינציפּירטע אורזאַכן האָט ער אים נישט געקענט געבן. ער וועט די פראַגע מיט אים ווען עס איז נאָכאַמאָל אויפנעמען. ער האָט ליב ווייַרעך און די טעאַטראַלישקייט פון קאַטאָליציזם. אָדער עפּשער וועט ער גאָר כאַפּן און פאָרן קיין ערעץ איסראָעל, קעדיי אויפן פּלאַץ צו זען וואָס פאַר אַ מעשוגאַס דאָס איז. עפּשער, לאַכט ער אומהיימלאַך, וועט זיין האַרץ דאָרט אָנהויבן קלאַפּן ביבליש און ער וועט אויך האַקן שטיינער אויף אייגענער ערד. עפּשער וועט ער דאָרט ווערן דער קאָלומבוס פון זיין אידיש לאַנד. עפּשער וועט ער דאָרט דערהערן דעם גאַנצן דיאַפּאַזאָן פון דער אידישער שטימע ווי זי רופט צוזאַמען אירע אַלע קינדער פון דיאַספּאָראַ.

דיאַספּאָראַ! דיאַפּאַזאָן!

ווי שענער, לייכטער און האַרציקער ער וואָלט עס געמאַכט מיט קול ברמה נשמע, נהי ובכי תמרורים רחל מבכה על בניה.

צום סוף האָט ער מיך אָפּגערעדט פון באַזוכן האָלאַנד. אויב עס זאָל מיר גאָר איינפאַלן אַזאַ געדאַנק. עס איז נישטאָ וואָס צו זען, זאָגט ער, אַרויסרופנדיק זיין שיקלדיק אויגל פאַר אַן איידעס.

אָבער איך פאַרדעכטיק, אַז דאָס רעדט ער מיך אָפּ, ווייל ער וויל נישט אַז נאָך אַ פּוילישער איד זאָל זיך אַריינכאַפּן קיין האָלאַנד. ווער ווייסט, וויפיל איין פּוילישער איד קען נאָך כאַלילע קאַליע מאַכן.

## IV

איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס, איך בין אייך מעקאַנע, וואָס איר קענט זיך אַוועקזעצן און רעדן מיט אַזאַ נעפעש, מיט אַזאַ שמעגדריק. ווען איך כאַפּ אַזאַ אידל אין מיין שטאָט, ווען איך קריג אַזאַ אידל אַריין צו מיר אין די הענט, וואָלט איך אים גוט אויסגעפּראַסקעט

און אים נאָך דערלאַנגט צוויי פּעטש פּאַר אַ צוגאָב.

אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער און מיט אַ ברייט מויל געזונטע ציין, וואָס קענען צומאָלן אַ גאַנץ ברויט, מיט לאַנגע שווערע הענט און לאַכעדיקע קעצענע אויגן, האָב איך אים פונדעסטוועגן נישט באַמערקט די גאַנצע צייט, ווי ער האָט זיך אונטערגעהערט צום געשפּרעך מיט דעם האָלענדישן אידן.

איך קען אויך אַביסל דרעפּטשען ענגליש. אַזאַ ענגאַליש ווי דער ווערוריק האָט אָוועקגעלייגט קען איך נאָך פאַרשטיין. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אַקוראַט אַזאַ אידל וואָלט באַדאַרפט אַריינפאַלן צו אונדזערע אינגלאַך. זיי וואָלטן אים שוין געמאַכט פּאַר אַ לייט. זיי וואָלטן אים אַריינגעשלאָגן אַביסל סייכל, אָדער מען וואָלט אים אינגאַנצן געמאַכט פּאַר אַ האָרוג.

ווער? וואו?

ער האָט זיך פאַרשעמט, וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען פונמיטן און מיר נאָך נישט געהאַט צייט צו זאָגן, אַז ער קומט פון קאָלאָמביאַ, פון איר הויפּטשטאָט באָגאָטאַ, מיט דעם אַקצענט אויף דער „אָ".

זעט איר, איך קום פון יענער זייט סאַמבאַטיען און אַז איך דערהער דעם נאָמען היטלער, בלוטעט מיר דאָס האַרץ. און דאָ שטייט אַ לעקישבער און רעדט, ווי דאָס גאַנצע אידישקייט וואָלט אים געלעגן אין דער לינקער פּיאַטע. אָט־די קאַלטע פּעטרישקע איז מעאַכיינע בעניי איסראָעל. דער ווילנער גאָען אַ איד און דער־אַ איז אויך אַ איד. אַ שיינער מאַסע־מאָטן!

איר האָט דען אַ באַגריף וואו איך וואוין? אַז מען גיט אייך אַ זאָג קאָלאָמביאַ, באָגאָטאַ — (מיט דעם אַקצענט אויף דער „אָ") הערט איר נעמען. אויב איר קענט געאָגראַפיע איז אייך גוט און וואויל, אָבער איר ווייסט נישט דעם טאַם דערפון סיי ווי סיי. בלויז דאָס וואָרט סאַמבאַטיען קען אייך געבן אַ שטיקל אָנונג.

און אַז איך וועל אייך שוין אויסזאָגן איך וואוין אין זיד־אַמעריקע, מיינט איר, אַז דאָס וועט אייך זיין לייכטער? זיד־אַמעריקע צו זיד־אַמעריקע איז נישט גלייך. אַזוי ווי איר פאָרט פון ניו־יאָרק, וועל איך אייך פּרובירן געבן אַ שטיקל פאַרשטעלונג וואו איר וואוינט, און וואו איך וואוין. שטעלט זיך פּאָר ס'איז אייך באַפאַלן אַ מאַנקאַליע, אַ מעשוגאַס ראַכמאָנע ליצלאָן, און איר ווילט דאַווקע פאָרן קיין באָגאָטאַ. זעצט איר זיך אַרויף אויף אַ שיף אין ניו־יאָרק און איר פאָרט זיבן טעג אויפן יאַם, ביז איר קומט אָן אין אַ קליין שטעטל קאַרטאַגענאַ אין קאָלאָמביאַ. האָט אייך שוין, הייסט עס, אַ גליק געטראָפן

און איר זענט אין קאָלאָמביאַ, אָבער טפּרו, זייט נאָך נישט געזונט, איר זענט נאָך נישט געקומען, ווייל אייערע צאָרעס האָבן זיך ערשט אָנגעפאַנגען. איר נעמט ערשט אַ צוג און איר פאָרט צו ביז צום טייך מאַגדאַלענאַ. מאַגדאַלענאַ איז דער עמעסער סאַמבאַטיען און די פּאַס־קודנע רויטע אידעלאַך, וואָס וואוינען אויף יענער זייט, דאָס זענען מיר די מאַלפּעס, אָדער ווי מען רופט עס ביי אייך די פּעדלערס וואָס שמייען און ברייען אָבי עס זאָל זיין וואָס צו קייען.

האַלטן מיר ביי דער מאַגדאַלענאַ. איר פאָרט מיט אַ שיף, אַלץ הייסט אַ שיף, אַ כורווע, אַ שטיקל געהילץ, וואָס שלעפּט זיך פּאַמע־לאַך — אַ טאָג, צוויי, דריי, פיר, פינף, און איר פאַלט פּלוצים אַריין אין אַ צוג. וואָס איז געשען? די מאַגדאַלענאַ ליידט פון אַ שטיקל מייכעש. גראָד דאָרט פאַרווילט זיך איר צו האָבן וואַסערפאַלן און וואַסערפאַלן זענען נישט געזונט, נישט פאַר אַ שיף און נישט פאַר פּאַסאַזשירן; מוז מען דאָס שלעכטע שטיקל וואַסער־שאַסיי אַרומפאָרן מיט אַ צוג. ביז איר פאַלט צוריק אַריין אין דער מאַגדאַלענאַ און איר פאָרט. דאָ קומט איר שוין צו אַ קליין שטעטל און פון דאַנען, מאַלט אייך, פירט אייך שוין ווידער אַ צוג, אָבער דאַסמאָל שוין קיין באָגאָטאַ (מיט דעם אַקצענט אויף דער „אַ”).

דער צוג שלעפּט אייך באַרגאַרויף. איר זענט 4 טויזנט פוס אײ־בערן יאַמפּלאַך. איר פאָרט פאַרביי זעלטן־קולטיווירטע קאַווע־וועל־דער. איר זעט די שיינע פּלאַנטאַציעס און ווי מען טריקנט קאַווע אויף דער זון.

דער קאַווע־בוים האָט ליב די קאַלטע באַרגלופט. אַ קאַווע־ביימל, וואָס איז געוועגלאַך נישט העכער ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט שטאַרק ליב, אַז מען זאָל אַרום אים שקלאַפּן און שקלאַפּן. קאַווע איז אַ גאַנצער מעיוכעס און ס'איז פּיסעס ווערצמסעס, ביז איר קריגט דאָס ביסל קאַווע צו זיך אין הוז אַריין. אַ קאַווע־בוים מוז ווערן גוט געפּילעוועט, געכאַליעט און געהאָדעוועט, ביז ס'ווערט פון אים אַ לייט.

די קאַווע בערעס קוקן אויס ווי רויטע קאַרשן. זיי ווערן אַרונ־טערגעריסן מיט נאַקעטע מענטשלאַכע הענט און דאַווקע דאָס ווייכע, דאָס פליישיקע פון דער בערע ווערט אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן; בלייבן, בלייבט די האַרטע יאַדרע, וואָס איז דאָס קאַווע־קערנדל.

האָט איר שוין געקראָגן אַן אומזיסטיקע לעקציע אויך און אַלץ דערפאַר, ווייל איר פאָרט קיין באָגאָטאַ — אַ מיצווע אויף אייך! איר

פאַרט אַזוי שטונדן און שטונדן מיט אַ צוג פאַרבײַ די אַלע שײנע דערפלאַך, ביז איר קומט ענדלאַך קײן באָגאָטאַ.

הײנט זײט אַן אַקשן און זאָגט אַז איך וואָוין נישט אויף יענער זײט סאָמבאַטיען. נאָט אײַך די באַק מײַנע, און דערלאַנגט מיר אַ פראַסק, אָבער אַ קלײנגעענדיקן, נישקאָשע איך קען פאַרטראָגן אַ פּלעם, און איך האָב עס קאָשער פאַרדינט אויך, ווײַל איך האָב דאָרט באַגראָבן אַלע מײַנע בעסטע יאָרן.

און עפּשער וועט איר כאָלילע מײנען אַז איך האָב עפּעס דערלײגט צום געשעפט? איך פאַרמאָג אַ היבשע פּויטיקע, אָבער עס איז בײ מיר נישט ווערט קײן שמעק טאַבאַק. מײַן מאַמעס בענקשאַפט נאָך מיר און מײַן בענקשאַפט אַהײם קײן בעסאַראַביע איז ווערט אַסאַך מער ווי די אַכציק טויזנט דאָלאַר, אָדער, זאָגט שוין, די גאַנצע קײַלעכדיקע הונדערט טויזנט וואָס איך האָב צוזאַמענגעזשעברעוועט. וואָס איז דער מענטש מ׳שטײנס געזאָגט? איז אַ בענאָדעם בלויז אַ כאַזער, אַ געלט־זאַמלער, אָדער דאַרף אַ מענטש נאָך צום געלט פילן, אַז ער שפּילט עפּעס אויך אַ שטיקל ראָלע אין לעבן?

דער גרויסער, געזונטער בעסאַראַבער האָט געעפנט אַ צאַפּן און ער האָט גענומען דערצײלן, ווי ער איז אַ צוואַנציקיעריקער באָכער געקומען אין 1922 קײן עקוואַדאָר און פון דאָרט קײן פּערו און ווי ס׳איז אים אָװעק. דאָס ערשטע יאָר האָט ער גלײַך געמאַכט צען טויזנט דאָלאַר פון פּעדלען.

וואָס עפּעס עקוואַדאָר, ווי קומט אַ איד קײן פּערו? זאָלט איר נישט פרעגן בײם לעבן קײן קאָשעס, אַ כאַוװער האָט אים פאַרשלעפּט אין יענע מעקוימעס און דעם כאַוװער האָט ער צו פאַרדאַנקען זײַנע גאָלדענע גליקן, וואָס שטײען אים ווי אַ בײן אין האַלדז.

אין פּערו האָבן זיך שוין געפונען אַ טויזנט אידישע יונגעלײט, וואָס האָבן געפּעדלט. און אַזוי ווי ער איז אַלעמאָל געווען אַ קאָמבינאַטאָר, אַן אונטערנעמער און אַ גאַנצער מענאַכעם מענדל, איז ער גלײך געוואָרן זײער פאַרוואַלטער. ער האָט זײ אויסגעבאָרגט געלט און סכוירע און געמאַכט זײַנע דרײַסיק פּראָצענט פּראָפיט.

דאַרף זיך מאַכן אַז אין 1925 זאָל פּערו פּלוצים בײטן איר גאַנצן קלימאַט צו אידן און אַלע אידישע פּעדלערס זאָלן זיך צעלויפן. צעלאָפן און, פאַרשטײט זיך, פאַרגעסן צו באַצאָלן די כויוועס, האָט ער אַלײן אויך נישט געהאַט קײן ברײרע און ער איז געגאַנגען באַנקראָט.

טשילי איז אויך אַ מעדינע. וואַקסט ער אויס אין טשילי, האַנדלט מיט פּוטערוואַרג און מאַכט 25 טויזנט דאָלאַר. ווי איר זעט

איז דער איבערשטער אַ פּאַטער און אַ יונג מיט ביינער גייט נישט פאַרלוירן. מיט דעם קאַפּיטאַל איז ער געקומען קיין באגאטא, קאָ־לאָמביע, אין 1929. און אַזוי־אַ פאַנגט זיך אָן דאָס קאַפּיטל קאָלאָמ־ביע, איינגעזונקען זאָל עס ווערן.

אין קאָלאָמביאַ האָט ער שוין געטראָפן עטלאַכע ארויפגעאַרבעטע רוסישע אידן, קאָווע־מאַגנאַטן און אַ פּאָר הונדערט אידישע יונגעלייט, אָדער אינגלאַך, ווי מען רופט זיי דאָרט.

פאַרוואָס עפּעס אינגלאַך? גאָר פּאַשעט, ווייל זיי זענען נישט פאַרהייראַט. דאָ שטעקט די גאַנצע צאָרע. איר פאַרשטייט? עס דרייען זיך אַרום 400 אידישע יונגעלייט, פעדלען, מאַכן אַ שיין לעבן און טאַמער וויל מען, ווי אין כומעש שטייט, אויפשטעלן אַ הויז, אָנ־הויבן פירן אַ באַלעבאַטיש פאַמיליען־לעבן, איז נישטאָ מיט וועמען.

גייט גוט אַרייַן אין אונדזער פּאַלאַזשעניע. אַ גאַנצע מעדינע אָן אידישע קאַלעס. דאָ קען נישט העלפן קיין שאַדכן און קיין באַדכן. די כופּע־שטאַנגען שטייען פאַריאַסעמט — איז טאַקע אַ צאַר און אַ ווייטיק אויף די אידישע יונגעלייט. אַלץ גייט מיט דער פּוטער אַראָפּ, ווייל ס׳פעלט אַ אידישע באַלעבאָסטע מיט אידעלע אידישע העגט, וואָס זאָל נעמען אַ יונג ביי די טשופּריִנעס און אים זאָגן: שוין צייט צו ווערן אַ לייט. אָן אַ ווייב איז דאָס גאַנצע לעבן וואַכעדיק. עס איז הו־האַ. מען איז אין ערגעץ נישט פאַרפּלאָקנט. ס׳שטייען אי־דישע הייזער און זיי ווייגען, אַרום די הייזער שטייען ביימער, ווייגען זיי אויך. דאָס לעבן קלעפּט זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. און אַלץ דערפאַר, וואָס ס׳פעלט אַ סאָרע, ריווקע, ראָכל און לייע, אַ דוואוירע, אַ ברײַנדל, אַ זלאַטע. נישטאָ! דרייען זיך אַרום האַלבע מענטשן. איין העלפט אין באגאטא און די צווייטע העלפט, דער זי־ווּעג, איז געפּיגערט.

באגאטא האָט יאָ אַ דרייסיק איינגעפונדעוועטע אידישע פאַמי־ליעס, וואָס זענען נישט לאַנג אין לאַנד און האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו פאַראָדוצירן דערוואַקסענע טעכטער. די עטלאַכע וואָס זע־נען געווען זענען פאַרצוקערט געוואָרן און אויף דעם קליינוואַרג וואָס וואַקסט אונטער קוקט מען אויס ווי אויף מאָשיאַכן. וואָס קען מען טאָן? קיין אַנדערע אידישע טעכטער זענען אין לאַנד נישטאָ.

דרייט מען זיך אַרום שלינג־און־שלאַנג און מען פאַרבלייבט אַ באָכער. עטלאַכע פון די אינגלאַך האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער אַוואַנטורע פון געמישטע כאַסענעס מיט די שפּאַניש־אינדיאַניש־נעג־רישע מיידלאַך, אָבער קיין גרויסע גליקן זענען די דאָזיקע כאַסענעס

נישט געווען און זיי זענען דערפאַר געוואָרן גאָר אַ קנאַפּער ביישפּיל פאַר די אַנדערע אינגלאַך.

פאַרוואָס מען אימפּאָרטירט נישט קיין אידישע מיידלאַך? אַפילע ווען די אידישע מיידלאַך וואָלטן געווען פינצטער ווי די נאַכט, מיעס ווי דער טויט, אַביסל קאָסאָקע און אַביסל געשטופּלט, וואָלטן זיי אַלץ ביי אונדז געהאַט דעם זיבעטן כיין. זייער מאַזל וואָלט ביי אונדז גע־שיינט ווי די זון, מיר וואָלטן זיך געריסן איבער זיי, געשלאָגן, דועלירט. מיר וואָלטן געזונגען צו זיי סערענאַדן ביי די פענצטער, אָבער וועלכע מעשוגענע אידישע מויד וועט זיך לאָזן פאַרנאַרן קיין באגאטא? איר ווייסט דאָך פון פריער — ביז דעם טייך מאַגדאַלענא און דערנאָך ביז צום סאַמבאַטיען.

איז טאַקע וויסט און פינצטער און גליטשיק. די אינגלאַך, אָדער באָיעס, ווי מען רופט זיי ביי איך, לעכצן און קרעכצן. וועגן זייער צאַר און איינזאַמקייט קען מען אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך.

אָבער ווי אַזוי פליסט דאָס אידישע לעבן אין אַלגעמיין?

דער בעסאַראַבער נעמט זיך צייט. געלאַסן, נישט געכאַפּט אָבער מיט אַ פול מויל רייד, וואָס זענען, ווייזט אויס, געלעגן ביי אים ערגעץ אויפן סאַמע אָפּגרונט, זוכט ער ביי מיר אַרויסצורופן די פולסטע מאָס ראַכמאָנעס צו אַ פאַרוואָרפענעם שייוועט. ער זוכט אויף מיינע פּלייצעס אַרויפצוואוואָרפן אַ שווערן יאָך פון פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פאַר נייע צוגעקומענע קרויוויים ערגעץ אין אַ העק. ער באַמיט זיך דאַווקע אָוועקצושטעלן אויף דער מאַפּע פון אידישע צאָרעס — ערגעץ צווישן וואַרשע, יאַס, בערלין, ווין, איסטאַנבול, סאַלאָניקי, — אויך זיינע אינג־לאַך פון באגאַטאַ.

און אַט אַזוי־אַ בויגן זיך מיינע פּלייצעס אַלץ נידעריקער אונטער דעם שווערן אָל פון דער אידישער אַלברידערלאַכקייט. אידיש בלוט, אידישע פאַרוואַנדשאַפט—אַ הויקער פון אַ גאַנצער וועלט. אידן, מיינט נישט נאָר רומעניע, פּוילן, אַמעריקע און רוסלאַנד, האָלאַנד, פראַנק־רייך, עס מיינט אויך הינדוסישע אידן אין קאַלקוטאַ, אויך פאַרגעלטע אידן מיט מאַנדל אויגן אין כינע, טיימאַנער, אַפילע פאַלאַשן, עס מיינט אַראַבישע אידן אין אַלזשיריע, שפּאַניאָלישע אידן אין גריכנלאַנד און טאָמער איז די פּאַק נאָך אַלץ געווען ווייניק, האָט מיר דער בעסאַראַ־בער צוגעוואָרפן אַ ניי שטיקל עקזאָטיק פון אידישע צאָרעס אין קאָ־לאָמביע.

מען האָט די אידן נישט שטאַרק ליב. מיר זענען עס די רוסן אין קאָלאָמביע און רוסן האָט מען פיינט. דאָרט, אין קאָלאָמביע, האָט מען

דאָווקע ליב די דייטשן. דער פאַרגרעבטער קאָלאָמביאַנער קריגט די ניכפּע און ווערט ניספּאָעל פאַר דער דייטשער טעכניק, פאַר זייערע מאַשינען. אַז ס'איז געקומען מעגילאָס היטלער, האָבן די דייטשן ביי אונדז גענומען פירן היטלער־פּראָפּאַגאַנדע און ס'האָט זיך זייער גוט אַנגענומען אויך. מיר האָבן מוירע געפעס צו טאָן וועגן דעם—לאָדן זיך אין געריכט מיט אַ דייטש, ווייסט דער איד אין פאַראויס וואָס פאַר אַ גערעכטיקייט ער וועט קריגן און ווער עס וועט געווינען.

דער קלימאַט ווידער איז עפּשער גוט פאַר די איינגעבאָרענע, אָבער פאַר אַן אונדזעריקן איז עס נישט געזונט: קאַלט, רעגן און פּע. עס ווירקט אויפן גאַנצן געמיט און מען גייט אַרום אַנגעדראָדלט צוליב דעם וועטער. אין פּערו רעגנט ווייניק, אָבער אין קאָלאָמביע ליאַפּעט און אַז עס ליאַפּעט, פאַרליאַפּעט עס דאָס גאַנצע לייב און לעבן.

וואָס האַלט די אידישע יונגעלייט צוזאַמען? דער עלנט, בלויז דער עלנט און עפּשער אויך דאָס, וואָס פאַר זיי זענען מיר אַלע די רוסן.

לאָמיר נעמען אויסרעכענען. מיר האָבן געגרינדעט אַ שטיקל געזעלשאַפט „עזרא", קעגנזייטיקע שטיצע אין פאַל פון אַ נויט, ווען מען דאַרף אימיצן שטעלן צוריק אויף די פיס. דער יאָמקיפּער וואָ־רימט אויך אַביסל און דערנענטערט. עס האָט אָבער נישט קיין אי־דישן טאַם און קיין רייאַך. עס איז גיכער אַ דערנענטערונג פון שרעק. מען דערמאָנט זיך אין קאַלנידרע און אין אינסאַנע טויקעף, דינגט מען אַ צימער, וואו מען פּרעפּלט אָפּ אַביסל אידישקייט. אָבער אַ גאַנץ יאָר איז מען אָפּגעריסן פון גלויבן. מען ווייסט נישט פון קיין שאַבעס און נישט פון קיין יאָנטעף און מען האָרעוועט ווי די מוילאַייזלען.

און אַ שויכעט מיינט איר האָבן מיר? פאַר די עטלאַכע צענדליק אידישע פאַמיליעס און פאַר די אינגלאַך איז נישטאָ קיין איין שויכעט. מען לערנט זיך ביסלאַכווייז אויס צו עסן טרייפעס, און עס זאָל דאָך נישט בלייבן שטיין באַקאָם. יאָ, לעצטנס האָט מען אַביסל באַזאָרגט די נעשאָמע. מען האָט געקויפט אַ שטיקל אידישע קאַרקע. דאָס האָט מען אויך געלערנט פון ביטערער דערפאַרונג. עטלאַכע יונגעלייט האָבן פאַרלייגט מיט די קאָפּיטעס, האָט מען זיי באַגראָבן אויף דעם קריסטלאַכן בייסאוילעם, האָבן מיר אַזוי לאַנג געאַרבעט, ביז מיר האָבן איינגעהאַנדלט אַ שטיקל אייגענע ערד פאַר איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר.

איז שוין דער טויט, הייסט עס, באַזאָרגט, אָבער דאָס לעבן איז ביטער. מיינט נישט אַז איך בענק אַזוי נאָך דעם שויכעט, אָדער נאָך

אַביסל דאַוונען. ווען מיר זאָלן פאַרמאָגן כאַטש, וואָס מען רופט אויף אַן איידעלער שפּראַך, אַנדערע אידעאַלן, וואָלט מיך גאָרנישט געאַרט. איז נישט קיין סידער, זאָל זיין כאַטש אַ אידיש ביכל, אַ אידישע ציי־טונג, אָבער אינגאַנצן גאָרנישט, ווערט מען דאָך גלאַט פאַרגרעבט און פאַרוואָרלאָזט. אַז מען איז נישט רעליגיעז, זאָל מען כאַטש זיין אויפ־געקלערט, אָבער מיר זענען נישט אַהין און נישט אַהער, מיר זענען, איזוויניטיע, גלאַט גראָבע יונגן.

קומען מיר איצט צוריק צום אָנפאַנג. ס׳דרייען זיך, הייסט עס, אַרום געזונטע יונגעלייט אַן ווייבער, מען קען נישט אויפבויען קיין אייגן הויזגעזינט, אָבער קיין טאַנייסים פאַסט מען פאָרט נישט.

באַמבלט זיך נאָך יעדן אידישן יונגנמאַן אַ קאָלאָמביאַנער גע־ליבטע.

שיין זענען די טונקעלע קאָלאָמביאַנערינס, אַז דער טייוול זאָל זיי נעמען. שלאַנק, הויך, גראַציעז—סאָסנעס. איר מיינט, אַז איר וועט זיין דער גליקלאַכסטער מענטש אין דער וועלט, ווען איר וועט מיט אַזעלכע קומען צום פּאַסעק, אָבער אין בעט טויגן זיי אויף אַ שיינער ריינער קאַפּאָרע. קאַלט ווי אַ גאַנצער אייזבאַרג. ליגט ווי אַ גראַפינע, גלאָצט מיט די וואונדערבאַרע, גרויסע, פייכטע אויגן און רירט זיך נישט פון אָרט.

אָבער, ווי זאָגט מען, אין וואָס פאַר אַ לאַנד מען קומט אַזאַ שפּראַך רעדט מען. דאָס זענען די איינציקע ווייבער, וואָס מען קריגט דאָרט, מוז מען זיך צוגעוואוינען.

ווייסט מען אַז יאָקל וואוינט מיט דער געליבטער, שמועל מיט יענער, כאַיעם מיט אַ דריטער. מען מעבלירט פאַר זיי אַ הויז. מען וואוינט מיט איר ווי מיט אַן אייגן ווייב, אָבער פאַר דער וועלט זאָגט מען עס קלוימערשט נישט אויס.

צי זיי זענען געטריי? דער טייוול ווייסט זיי. אויבנאויף דוכט זיך אַז יאָ, אָבער עס לייגט זיך ניט אויפן סייכל, אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיין זייטיקע פאַרדינסטלאַך. ווייל אַזוי שנעל ווי זיי האָבן עפּעס אַ קריוודע צום אידישן ליובאָווניק, וואַקסט גלייך אויס אַ קאָלאָמביאַנער מאַנסביל. פונוואַנען האָט ער זיך גענומען? פון הימל אַרונטערגע־פאַלן?

וואוינט מען אַזוי אַפּ מיט איר עטלאַכע יאָר, ביז עס ווערט נימעס און מען פּרובירט אויס אַן אַנדערע.

און די קאָלאָמביאַנערינס זענען טייערע ביסנס. זיי לאָזן זיך כאָלילע נישט נאַרן.

אַט האָב איך געוואוינט אַ צוויי־דריי יאָר מיט אַ טונקעלער און זי האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ פינף־זעקס טויזנט אַמעריקאַנער דאָלאַר. מיטאַמאָל בין איך עפּעס קאַלט געוואָרן צו איר, עס רעדט זי אַזוי קאַלט געוואָרן. כ׳האָב דערטאַפּט אַן אַנדער שטיקל סכוירע און כ׳האָב געמיינט אַז מען וועט קענען זיין אַ מאַנסביל אויף ביידע יאַרידן, אָבער מיין ערשטע האָט דערקענט, אַז איך פּאַנפּע אונטער און ווען זי האָט גע־נומען פּאָדערן כעשבן פון מיר, ווי אַן אייגענע פּלויניסטע, האָב איך זי געלאָזט גיין.

און אַז איך האָב זי געלאָזט גיין, האָב איך ערשט דערפילט, ס׳אַ שאַנדע אויף דער צונג צו ברענגען, אַז איך בין שטערבלאַך פאַרליבט אין איר און נישט נאָר פאַרליבט אַליין, נאָר אַזוי צוגעוואוינט, אַז איך קען אָן איר נישט לעבן. זי, די קישעף־מאַכערין, האָט מיך אָפּילע גע־וואָרנט, אַז איך וועל אָן איר נישט געפינען קיין רו — זי האָט גע־וואוסט איר אייגענעם ווערט.

אַז איך בין געקומען צוריק צו איר, און איך וועל, ווי פאַר אַן אייגענעם ברודער, דערציילן, אַז איך בין געקראָכן פאַר איר אויף די קני און געבעטן זי זאָל מיר מויכל זיין, האָט זי געוויינט און געזאָגט אַז איך האָב איר דאָס האַרץ געלעכערט און נאָך דעם גאַנצן געוויין האָט זי מיר ערשט געוויזן די טיר.

ער נעמט אַרויס אַ בילד פון בוזעמקעשענע. אַ מולאַטישע שיינ־הייט. אַ הויכע, מיט אַ פולן בוזעם, געזונטן שטעל, ווייבלאַך און שטאָלץ.

איר זעט דאָס שטיק סטערווע, האָט דאָס מיך צעבראָכן אויף שטיקער. איך האָב געמוזט איבערלאָזן מיין געשעפט אויף פרעמדע הענט און פאָרן איבער דער וועלט, קעדיי זיך אַרויסצושלאָגן פון קאָפּ די גאַנצע געשיכטע. אָט אַזוי־אָ קען מען צוליב אַ קאָלאָמביאַנער קורווע פאַראומגליקט ווערן. אַז איך וויל זיך אָפּגעבן דין וועכעשבן, איז עס עפּשער דערפאַר ווייל אַלע זענען זיי קאַלטע לונג און לעבערס און אָט־די סטערווע האָט מיר צוגעטראָפן צום פּופּיק. אַזעלכע וועל איך שוין נישט קריגן מיין גאַנץ לעבן. וואַיאָמאָס, געשטאָרבן.

ער האָט אָפּגעזיפצט, אַרויפגעצויגן אַביסל די הויזן, און דער גאַנ־צער געזונטער בעסאַראַבער האָט אויסגעזען איצט אַ שוואַכער, דורכ־געפאַלענער מאַנספּאַרשוין. ער האָט אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל און הויך אַריינגעפייפט. אָבער עס איז געווען קלאָר, אַז ער וויל זיך אַרויסדרייען פון צו לאָזן אַ טרער. ער האָט אַביסל פאַרגעסן אין אַלגעמיינע אידישע צאָרעס פון זיין באַגאַטאַ. ער האָט גערעדט וועגן

דער פאַרלוירענער זי מיט אַזויפיל געפיל, אַז איך האָב גענומען אויס־פּאַקן די מאָדנעסטע טרייסט־ווערטער, וואָס איין מאַן קען דעם צווייטן זאָגן אונטער אַזעלכע טרויעריקע אומשטענדן. איך האָב פּרובירט וואַרפן אַ שאָטן אויף דעם כאַראַקטער פון זיין קאָלאָמביאַנערין. אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס ער אַליין האָט זי מיט גרויס צערטלאַכקייט גערופן קורווע, האָט ער מיר נישט דערלויבט דעם זעלבן לוקסוס. אַ געזונט, דערשלאָגן און אומבאַהאָלפן פערד, האָט ער מיט פאַרלאָפענע אויגן געקוקט אַריבער דער פאַרענטש אין יאַם אַריין. ער האָט גע־דרייט דאָס בילד אויף אַלע זייטן, ביז ער האָט עס צוריקגעלייגט מיט פאַרבענקטע הענט אין קעשענע. אין איין מינוט איז פון אים גע־וואָרן אַ טעל. ער האָט צוריק איבערגעלעבט די טראַגעדיע פון פאַר־לירן די אויסדערוויילטע, וואָס האָט אים, דעם הויכן יונג, אַזוי פּינקט־לאַך צוגעטראָפן, אַז ער קען קיין טרייסט נישט געפינען. אָבער פּלו־צים האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט צו לאַנג פאַרבלאָנדזשעט אויף דעם שליאַך פון זיך אַליין. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז ביז איצט געווען דער כראָניקער פון דעם קליינעם אידישן אישעוו אין באָגאָטאַ, איז ער צוריק אַריין אין זיין ראָלע פון דעם געזעלשאַפטלאַכן פאַרצייכ־נער, וואָס טראָגט אויף זיינע פּלייצעס די פּולסטע אַכראַיעס פאַר פיר הונדערט עלנטע אינגלאַך.

אָט־אַזוי לעבן די אינגלאַך. קיין ווייבער האָט מען נישט, פּירט מען ליובעס. געזעלשאַפטלאַך קומט מען מיט די קאָלאָמביאַנערינס נישט פאַר. אָבער אַלע ווייסן סיי ווי, כאָטש מען האַלט זיי באַהאַלטן פאַר אַן איין האָרע, צוגעדעקט מיט אַ שלייער און אונטער זיבן שלע־סער. די ניט־אידישע איינוואוינער פון באגאטא ווייסן אויך ווער איז וועמענס און אַז מען צעגייט זיך מיט אַ געליבטער, מוז מען דערפאַר זיין, ווי עס הייסט ביי אייך, אַ דזשענטלמאַן. מען דאַרף עס מאַכן שטיל און פיין און נאָך דערצו איבערלאָזן אַ פיינע סומע געלט. און טאָמער נישט, קען זי דינגען אימיצן, וואָס וועט גאַנץ שיין אַרונטערראַמען פון וועג. און אויב זי פוילט זיך נישט, קען זי אַליין אויך די איידעלע קונץ, ווייל אַ קאָלאָמביאַנערין טויג זיך זייער פיין אויס מיט דעם מע־סער.

ווי איר זעט, פאַלט דאָס גאַנצע ביסעלע זנוס אויס באָקאָם, אָבער וואָס זאָל מען פאַרט טאָן? אַ געזונטער מאַנספאַרשוין קען דאָך נישט שלאָפן, נאַכט־אויס־נאַכט־איין, איינער אַליין אין אַ באַכעריש בעט. מען קען דאָך נישט אַרויפלייגן אַ שלאָס אויף דער כאַזערשער מענטש־לאַכער נאַטור. מען קען דעם יעיצער האָרע נישט ווייזן קיין פייג,

ווייל ער לאָזט זיך נישט באַשווינדלען און לאָזט זיך נישט אָפּשפּרעכן.

אַזוי זשעדנע איז מען אַ ווייב, אַז עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע ביי אונדז, וואָס וואַרפֿן אַן אויג אויף אַ קליין קאָלאָמביאַנער מיידעלע, ווען זי גייט נאָך אין שולע. דער יונגערמאַן נעמט זיך גלייך שאַדכענען צו איר און ער דערציט זי. פֿאַר די אָרימע קאָלאָמביאַנער עלטערן איז עס אַ גליק. דער איד צאָלט אַלע אירע אויסגאָבן און כאַוועט זיך אויס אַ ווייב.

מיר האָבן עטלאַכע אַזעלכע פֿאַרלאָך אויך. די קאָלאָמביאַנערינס האָבן זיך אַפֿילע מעגייער געווען און דערווייל גייט עס ווי געשמירט. די יונגע קאָלאָמביאַנערינס זענען צוגעוואוינט צו זייערע אידישע מע־נער פֿון קינדווייז אָן. איינע אַזעלכע, אַן אידל קינד, האָט צוויי מאָל געכאַלעשט פֿאַסטנדיק לעצטן יאָמקיפּער, אָבער זי האָט אויסגעהאַלטן דעם טאָנעס. און נישט געקוקט וואָס זיי זענען אַסאַך אינגער פֿון זייערע מענער, קלעפּן זיי צו די מענער, די גאַווערנאַנטקעס זייערע, וואָס האָבן זיי דערצויגן פֿאַר ווייבלעך, מאַמעש אויף דער קני. אָבער אַזעלכע גליקלאַכע פֿאַלן זענען אַן אויסנאַם. וויפֿיל מענטשן קענען עס האָבן געדולד צו נעמען אַ קליין מיידעלע און זיך אָוועקזעצן וואַרטן?

האַקלאַל, איר זעט שוין אַליין אַז עס איז ווייט פֿון אַ לעבן. און ביי אייך רעדט מען וועגן באַזעצן אידן אין אונדזער געגנט. מען רעדט וועגן עקוואַדאָר. שלאָגט זיך אַרויס פֿון קאָפּ. עקוואַדאָר איז אַן אָרים לאַנד און ס'איז דאָרט נישטאָ קיין צוקונפֿט פֿאַר אידן. קאָלאָמביע? פֿאַרשאָלטן איז דער איד, וואָס פֿאָרט אַהין, אַפֿילע ווען ער פֿאַרדינט אַסאַך געלט.

מאָכן מיר אַ סאַכהאַקל און מיר באַטראַכטן פֿון דער נאָענט דאָס לעבן פֿון אַ אידישן יונגנמאַן אין באגאטא. קיין ציכטיק פֿאַמיליען־לעבן איז קימאַט נישטאָ. קומט דער הייליקער זונטיק, גייט מען אַרום דעם גאַנצן פֿרימאָרגן און מען מאַכט איין די כויוועס פֿאַר דער וואָך. דעם צווייטן האַלבן טאָג זעצט מען זיך אַוועק שפּילן קאָרטן. אָבער מיינט נישט, גלאַט אַזוי, קאָרטן. אויף דעם פֿאַרפֿאַטערט מען אַ גרויס שטיק ליידנשאַפֿט און מען פֿאַרלירט אַ צוויי־דריי הונדערט דאָלאַר. נו יאָ, נעמט מען אַ וואָגנע קעדיי אַרונטערצושווענקען דעם קויט וואָס זאַמלט זיך אָן דורך דער וואָך און מען זעצט זיך ווידער אַוועק שפּילן קאָרטן. ביינאַכט גייט מען אַביסל אין אַ טאַנצזאַל, וואו מען דינגט אַ מיידל פֿאַר זעקס סענט דעם טאַנץ.

און אַז מען האָט נישט קיין געליבטע כאַפּט מען אַן אָרימע קאָ־

לאַמביאַנערין, וועלכע קומט אויף מאָרגן איינמאַנען דעם כויוו מיט סכוירע.

מאָרגן איז מאַנטיק. מען הויבט זיך אויף מיט אַ ביטערן טאַם אין פיסק און מען אַרבעט ווייטער ווי אַן אייזל.

פייסאַך איז אַ שטיקל סטאַנציע. ס'נעמען זיך צוזאַמען אַ פערציק יונגעלייט אין אַ הויז און מען פרעסט און מען שיקערט, די האַגאָדע זאָגט מען נישט, נאָר דאָס פרעסן איז אַ זייכער אויפן יאַנטעף. אָט האָט איר דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן אונדזערס. אַ גליק נאָך וואָס דער אידישער בייסאוילעם בליט און וואַרט אויף דעם סאָף.

פונדעסטוועגן, זענען מיר פאָרט אַנדערש פון דעם האָלענדער שמענדריק. מיר זענען פאַרגרעבטע אידן, אָבער מיט אַ פונק. יענער איז אַ שטיק אידישע פאַרזעעניש. איי, וואָלטן מיר באַדאַרפט אַריינ־קריגן אַזאַ לעמאַך צו אונדז אין די הענט.

און טאַמער מיינט איר אַז די אַלע שידוכים מיט די קאָלאַמביאַנער געליבטע גייען אָפּ טרוקן? אין באגאטא אַליין דרייען זיך אַרום צוויי טויזנט אינגלאַך, מאַמזיירעם. די מאַמזיירעם קען מען אינגאַנצן נישט נעמען אויף אונדזער כעשבן, אָבער מיר האָבן אַ היבשן כיילעק אין זיי. די אינגלאַך דרייען זיך אַרום איבער דער שטאָט און זענען ווי איבעריקע מענטשן. זיי ווערן פאַרווילדעוועט און פאַרלייזיקט. זיי האָבן נישט וואו צו שלאָפן און האָבן נישט וואָס צו עסן. נעמען זיי זיך געוויינלאַך צו איין פאַך — פוצן שיך. מען קען קיינמאָל נישט וויסן, עס קען זיין אַז דער אייגענער זון שטייט אַ פאַרסמאַרקעטער און פוצט דיר די שיך און דו וואַרפסט אים צו אַ מאַטבייע.

די מיידלשע מאַמזיירים זענען גליקלאַכער, ווייל דער רויטער קרייץ מאַכט פאַר זיי היימען. אָבער די אינגלאַך זענען אויף גאָטס באַראָט, עפשער דערפאַר ווייל זיי זענען רעוואָלוציאָנערער פון די מיידלאַך און זיי ווילן נישט שטיין אונטער דער פרומער אויפזיכט פון די גאַבעטעס אין רויטן־קרייץ.

מיט יאָרן צוריק האָט מען נאָך אָנגעטראָפן עטלאַכע אידישע פרויען־הענדלער, אָבער מען האָט זיי קאַלט געמאַכט. מען האָט זיי פאַרטריבן פון אידישן לעבן. דאַמאָלס האָט מען נאָך געמיינט אַז מיר בויען עפעס אַ שטיקל טאַכליס, אָבער אומזיסט.

איצט האָבן זיך צווישן אונדז, געיאָוועט עטלאַכע, וואָס פריידיקן קאָמוניזם. קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַרשאַפט אונדז קיין גרויס

נאָכעס נישט. צו די גרויסע גליקן פעלט אונדז נאָך קאָמוניזם. מען דאַרף נאָך צו אונדז „רוסן" צוטשעפּן די באַשולדיקונג, אַז מיר ווילן רואינירן דאָס לאַנד מיט באָלשעוויזם.

כ׳בין זיכער אַז סטאַלין האָט אונדז אין דער לינקער פּייע נישט און קאַרל מאַרקס האָט געפּייפט אויף באַגאַטאַ און אונדזעריקע דאָרט ווילן נישט אַנדערש ווי מאַכן קאָלאָמביאַנער פאַר סטאַליניסטן — ס׳איז אַן אַרבעט פאַר עטלאַכע פאָלק סאָלדאַטן.

און כאָטש איך בין אַ בירגער פון קאָלאָמביע ציט עס מיך קיין בעסאַראַביע, דאָרט וואו מיין מאַמע זיצט און שרייבט מיר טרערנדיקע בריוולאַך אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. מיין טייערער יאָסעלע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר לעבעוואָהל, שרייבט זי מיר. איר קוקט אַן אַ יאָסעלע, אָבער ביי דער מאַמען בין איך נאָך אַלץ אַ קליינס, אַ שוואַכס, אַ דאַרס, אַ גרינס, וואָס האָט געהאַלטן אין איין כאַפּן פּעטש ווי די ברעטער פון טאַטן. דער טאַטע, אַלעווהאַשאָלעם, האָט געהאַט אַ הענטעלע מיט אַ בינטל פינגער, וואָס טאָמער האָט ער דיר אָנגעצייכנט אַ פּאַטש, איז עס געווען אַ שטיק איידעלע מעלאָכע. די מאַמע האָט געמאַכט קוילעס, סטייטש מען האַרגעט אַוועק איר יאָ־סעלען.

דער פייקלער איז אַרומגעגאַנגען און געפּייקלט אין דער קופּער־נער טאַץ, גערופן דעם אוילעם פאַר וועטשערע. אויפן דעק איז גע־וואָרן אַביסל קילער, אָבער ביים בעסאַראַבער האָבן זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט אויסגעשעפּט די מייסעס וועגן זיין סאַמבאַטיען.

כ׳מוז זיך פון דאָרט אַרויסראַטעווען — האָט ער געשריען — וואָס קען אַזאַ איד, ווי איך, טאָן מיט קאַפּיטאַל אין ניו יאָרק? לאָמיר זאָגן, איך וועל קומען זיך באַזעצן אויף זעקס כאַדאָשים. איך וועל זיך באַ־קענען מיט אַ מיידל, כאַסענע האָבן מיט איר און מיט איר קויאַך פאַר־בלייבן אין לאַנד. מען קען זיך דאָך אָבער נישט אַוועקזעצן שרייבן מעזוזעס. וואָס טוט מען אין ניו יאָרק מיט קאַפּיטאַל?

איר קענט מיט געלט אַרויסגעבן אַ אידישע צייטונג, אַ גוט אי־דיש וואָכנבלאַט — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אַ ווילדע אייצע פון גרויס פאַרלעגנהייט, וואָס מען געטרויט מיר אַ פאַרמעגן פון הונדערט טויזנט דאָלאַר.

איך? אַ אידישע צייטונג? ווי קום איך צו דעם? איך בין דאָך, קיין איַין האָרע אַ גאַנץ פיינער גראָבער יונג.

איך האָב דעם נאַאיוון בעסאַראַבער געטרייסט, אַז דאָס מאַכט גראָד נישט אויס. בילדונג און אַרויסגעבעריי פון אַ אידישער צייטונג דאַרפן דאַווקע נישט זיין קיין געשוועסטערקינדער. מען קען זיך אָן בילדונג גאַנץ שיין באַגיין, מען דאַרף נישט גיין אין די קלאַסן. עס איז אַ ביזנעס ווי אַלע ביזנעסן.

דאָס וואָרט ביזנעס האָט ער זייער גוט באַגריפן.

I

אַכוץ אַן אַלטער מויד מיט אַ גרינלאַך־ציטרינאָווער מאַרע, וואָס פּיפּקעט נערוועז ציגאַרעטלאַך און לויפט שנעל אַרום און אַרום איינע אַליין אויף דעם דעק, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט, אַז מען וועט זי כאַפּן און פאַרגוואַלטיקן און עטלאַכע אַנדערע כראָנישע אָפּגעזונדערטע, וואָס זאָגן גוטמאָרגן און גוטאָוונט זייער הויך און שניידיק מיט אַ קלאָרן אָנדייט, אַז „מער ווילן מיר נישט געבן און מער ווילן מיר נישט נעמען", האָבן זיך שוין אָנגעקנופּט באַקאַנטשאַפטן, פריינדשאַפטן און ס'האָבן זיך שוין פאָרמירט גרופּקעס. מענטשן האָבן אויסגעשטרעקט די אַנטענע און זיך אָפּגעזוכט. יעדער איינער האָט געפונען מער־וויניקער זיינס גלייכן. ס'זענען געוואָרן קאָרטנפריינד, געשפּרעך־פריינד, מענטשן, וואָס האָבן ליב צו רעדן האָבן געקראָגן פּראָפעסיאָנעלע און געדולדיקע צוהערער, דעבאַטאַנטן האָבן אויסגענישטערט דעבאַטירער, וואָס זענען גרייט דורכצולופּטערן פּראַגעס פון געמיינשאַפטלאַכן אינטערעס, אַגרעסיווע ווייבער האָבן ענטדעקט שעמעוודיקע מענער און צודרינגלאַכע מענער מיט ראָמאַנטישע נייגונגען און סערענאַדישע מאַנערן האָבן געקראָגן שעפּטשענדיקע און שטילע פרויען, וועלכע האָבן גערעדט מיט די אויגן און זיך געפונען אין אַ טראַנס פון סלאַשטשאַווער גליקזעליקייט — זייער שיף פאָרט נישט אין ערגעץ און וועט זיך קיינמאָל נישט אָפּשטעלן.

און נאָך דעם אינסטינקטיוון אָפּקלייב און צוקלייב, איז ערשט פאַרבליבן דאָס ביסל בראַק פון ביידע געשלעכטער, וועלכע האָבן בעאיין בריירע זיך גענומען איינע די אַנדערע פאַר דער גאַנצער רייזע.

אָפּגעטיילט פון אַלע און אַלעמען דרייט זיך אַרום איינער אַליין אַ רייכער קליידער־פאַבריקאַנט. אַפילע די טאָכטער, וואָס באַגלייט אים, וואַגט נישט צו שפּאַצירן מיט אים. דער דאָקטאָר האָט אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, ער האָט אים גענוי געזאָגט, ווי לאַנג ער וועט נאָך קלעפּן, איז דער מאַנופעקטשורער באַשטאַנען דערויף, אַז ער מוז נעמען זיין לעצטע רייזע אויפן יאַם.

אָבער אויף דעם יאַם קוקט ער מיט אַזויפיל וואונדער און פאַרבענקשאַפט, ווי אַ איד אויף דעם בלאָטיקן טייכל צו טאַשלעך. ער האָט פיינט דעם יאַם און יעדעס מאָל, ווען ער גיט אַ קוק אויפן וואַסער,

גיט ער אַ האַסטיקן כראַק אַריין, מיט דערזעלבער באַפרידיגונג, ווי ער וואָלט אימיצן געשפּיגן אין פּאָנים אַריין.

ס׳פאַרדריסט אים געפערלאַך, וואָס ער גייט שטאַרבן. ער האָט נישט מוירע פאַרן טויט, ס׳זעט זיך נישט אין זיין פּאָנים, אַז ער זאָל זיך אָפּגעבן אַ שטיקל דין וועכעשבען, אַז ער זאָל זיין טרויעריק, אַז עס זאָל זיך ערגעץ שנירלען צווישן די קנייטשן אויפן שטערן אַביסל בענקשאַפט, אַ שאָטן פון גוטסקייט, אַ צוק רעזיגנאַציע, ווי ס׳טרעפט געוויינלאַך מיט מענטשן, וואָס ווייסן געגנוי, אַז די טעג זייערע זענען געציילטע; אַזעלכע ווערן אַמאָל אויסגעמילדערט און וואַרפן אַרונטער שנעל יעדן באַלאַסט פון שלעכטסקייט. פון די אַלע גוטע זאַכן איז אויף דעם מאַנופעקטשורערס פּאָנים נישט געווען קיין שפּור. ער איז פּאַשעט געווען בלוטיק אין קאַס, וואָס ער דאַרף שטאַרבן, ווען ער איז נאָך ביי זיך נישט געווען פּסיכאָלאָגיש פאַרטיק מיט דעם לעבן.

ווי די טאָכטער האָט געגעבן אָנצוהערן, איז ער זיין גאַנץ לעבן געווען אַ שרעקלאַכער זוילעל וועסויוועניק. ער האָט האַנאַע געהאַט פון לעבן און נישט דורכגעלאָזט קיין איין ביסל פאַרגעניגן פון קאַר־נאַצלאַך מיט פאָלין־ווייַן אין די רומענישע קעלערס, ביז מאָדעל־מייד־לאַך, וואָס האָבן זיך געדרייט ביי אים אין דער פאַבריק אויפן קאַרעק, אָנמעסטנדיק די קליידער, וואָס ער האָט „ארויסגעהאָסלט״ פון זיינע באַלמעלאָכעס. איצט מוז ער דאָס אַלץ איבערלאָזן פאַר אַנדערע. אַנדערע וועלן לאַכן, זינגען, טאַנצן און זיך ליבלען, און ער וועט ליגן אין דר׳ערד. ער האָט זיין טויט גענומען שרעקלאַך פערזענלאַך, און עס באַטראַכט פאַר אַ שוידערלאַכע פאַרכעריי. זיין גאַנץ לעבן האָט ער אַלעמאָל געהאַט געדונגענע קאָרבאָנעס אויף וועמען אויסצולאָזן דעם קאַס, אָבער איצט האָט ער זיך געפילט ווי אַ הונט אויף אַ קייט.

די פּאַסאַזשירן האָבן אויסגעמיטן צו קוקן אויף אים, ווייל טאָמער האָבן זיך אויגן געטראָפן מיט זיינע, האָט ער ארויסגעשטעקט דעם לעקער. אויף פריילאַכע און לאַכנדיקע פּאַרלאַך איז ער גאָר געווען אייש לעהאָווע. ער האָט זיי אַריינגעשריגן אין פּאָנים אַריין: טפו, סאַנעוועביטשעס, איך האָב אייך אין הינטן.

עס איז געווען אַ גליק, וואָס דער דאָזיקער צערודערטער ערעוור־טויטער איז געלעגן מערסטנס ביי זיך אין דער קאַבינע, און זייער זעלטן אַרויסגעשטעקט די נאָז צווישן מענטשן, ווייל גאַנץ אָפּט האָט געטראָפן, אַז ריטערלאַכע יונגעלייט האָבן אים געוואָלט נישט אַנדערש ווי אַריינוואַרפן אין יאַם אַריין פאַר באַליידיקן זייערע דערשראָקענע באַגלייטערינס.

און פונקט ווי עס זענען געווען עטלאַכע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געווען פאַרשרומפּן און צוזאַמענגעקאַרטשעט, אַזוי זענען אויך געווען אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט די נאַטירלאַכע פעאיגקייט צו זיין אויסגע־קאָכט מיט אַלעמען. זיי זענען געווען דאָס, וואָס דער אַמעריקאַנער רופט גוטע „מיקסערס"—אַזאַ אויסגעמישטער מיט אַלעמען איז געווען מיין דענישער פריינד. אין איין טאָג האָט ער אַלעמען געקענט און אַלע האָבן אים געקענט. ער האָט געוואוסט אויף אויסווייניק די לעבנס־געשיכטעס פון יעדן איינעם אויף דער שיף. ער האָט גלייך פאַרהיימישט אַלעמענס קאָמעדיעס און טראַגעדיעס. ער איז אַפילע געווען אַ שטיקל שאַדכן אויך — ער האָט צוזאַמענגעפירט שווערע געמיטער פון ביידע געשלעכטער. ער האָט ליב, אַז עס זאָל זיך קאָכן און זיין פריילאַך.

ער האָט צוזאַמענגעפירט מענטש מיט מענטש מיט אַזאַ איינגע־באַרענער געניטקייט, אַז זיי האָבן זיך פונקט געפּאַסט פאַר דער גאַנ־צער רייזע. און איינמאָל, איז ער צו מיר צוגעקומען און ערקלערט, אַז ער האָט פאַר מיר אַ ווילדע מעציע, אַ רוס, אַן עמעסן רוס, וואָס זיצט ביי זיין טיש. ער האָט געפילט, אַז אַ רוס און אַ איד, זענען שטיקלאַך מעכוטאָנים.

און דער רוס כאַזשעוו האָט זיך מיט מיר אויך דערפרייט. עס האָט אויסגעזען ווי דער דענישער מיט זיין קאַכלעפלשקייט איז פאַר אים געווען אַ צו שווערע מאַסע, אַ פרעמדער מענטש פון אַ פרעמדער וועלט; כאָטש דער דעניש־אַמעריקאַנער לערער האָט גערעדט פון סאָציאַליזם און פון דעם גרויסן רוסישן עקספּערימענט. דער דענישער איז אויך געווען צופרידן, ווייל ער האָט געהאַט צופיל פליכטן און צופיל מענטשן, און ער האָט זיך נישט געקענט האַלטן צו לאַנג מיט איין באַקאַנטן, ער האָט אים גלייך געמוזט באַשטאַטן און אַרונטער־שאָקלען.

ספּעציעל אויך, וואָס פון ראַדיקאַליזם און סאָציאַליזם איז ער שוין געווען אַוועק מיליאָנען ליכטיאָר און וועגן דעם רוסישן עקספּע־רימענט האָט ער גערעדט מאַשינאַווע, בלויז ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט, קעדיי צו מאַכן געשפּרעך.

מיט מיר האָט זיך כאַזשעוו גלייך דערפילט ווי מיט אַן אייגענעם. ער האָט שנעל געקראָגן צוטרוי צו מיר און געקוקט אויף מיר מיט זיינע קליינע, וואַרימע און, קעמאַט, קאַלמיקישע אויגן.

כ׳בין קיינמאָל נישט געווען אין אַלטן רוסלאַנד און נישט אין דעם איצטיקן ניי־געבוירענעם. רוסן האָב איך גוט געקענט פון מיין

פויליש־ רוסיפיצירטער שטאָט, מיט איר סאָבאָר, פּראַוואָסלאַוונע גאַ־ לאָכים מיט צעקעמטע בערד, רוסישע גימנאַזיע לערער, טשינאָווניקעס, אָבער עס איז געווען גענוג אַ קוק צו געבן בלויז אויף דעם רוס כאַזשעוו, קעדיי צו זען אַז עס שטייט פאַר מיר אַ נייער סאָרט רוס, אַ נייער מענטש.

און נישט דערפאַר, ווייל כאַזשעוו האָט זיך אויסגעמענטשלט, אָדער אַמעריקאַניזירט דורך זיינע דריי יאָר אין קאָרנעל אוניווערזי־ טעט, וואו ער האָט זיך פאַרפולקאָמט אין עלעקטראָ־אינזשינערסטווא. אַמעריקאַניזם האָט זיך צו אים וויניק צוגעקלעפּט, אַן ענגליש וואָרט איז ביי אים געווען ווי אַ שטיינדל אויף דער צונג, וואָס ער האָט גע־ קאָלערט און געקאָלערט, און גאַנץ אָפט האָט ער זיך געמוזט ראַטעווען מיט אַן אַלט, גוט רוסיש וואָרט, ווען ער האָט זיך אַליין, דורך ענגליש, אַריינגעקוועטשט אין אַן ענג ווינקל.

ער איז געפאָרן מיט סימכע אַהיים. ער איז געווען הויפּטזאַכלאַך צופרידן, וואָס אים איז געלונגען דורכצופירן זיין „פיר יאָר פּלאַן" אין בלויז דריי יאָר. ער האָט דערמיט איינגעשפּאָרט דער סאָוועט רעגי־ רונג אַ גאַנץ יאָר הויצאָעס.

און די הויצאָעס זענען געווען נישט קיין קליינע, האַלוואַי אויף אַלע אָרימע סטודענטן פון אַלע פעלקער געזאָגט געוואָרן. די סאָוועט־ רעגירונג האָט געצאָלט זיין סכאָר־לימעד, און אים געגעבן 150 דאָלאַר אַ כוידעש אויף צו לעבן. פאַר אַ סטודענט הייסט דאָס אַ גרעפּיש לעבן. אַכוץ דעם האָט נאָך די סאָוועט־רעגירונג אויסגעהאַלטן זיין פרוי און זיינע צוויי קינדער, די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט שטודירט אין אַמעריקע. איצט וואָרט זיין לאַנד אויף אים. ער איז שטאָלץ, וואָס ער קומט אַהיים ניט נאָר מיט אַ פּאַפּירענער דיפּלאָמע, נאָר מיט וויסן, וויסן וואָס ער וועט גלייך קענען איינשפּאַנען אין טאָג־טעגלאַכן אויפבוי־לעבן פון סאָוועטנפאַרבאַנד. ער איז צופרידן, וואָס ער וועט קענען באַווייזן, אַז מען האָט אויף אים נישט פאַרטאַכליעוועט קיין געלט.

ער האָט גוט געזען אַמעריקע. ער האָט געזען פאָרדס פאַבריקן, דזשענעראַל עלעקטריק און אַנדערע מוסטערן פון גרויס־אינדוסטריע און גרויס־קאַפּיטאַליזם. ער האָט גוטע, וואַרימע ווערטער פאַר אַמע־ ריקע, אָבער פאַר קיין געלט וואָלט ער זיך נישט באַזעצט ביי אונדז, ווייל — — —

ער איז זייער פאָרזיכטיק מיט ווערטער. ער איז טאַקטיש ווי אַ דיפּלאָמאַט, ער איז דאַנקבאַר אַמעריקע פאַר דער בילדונג, וואָס ער

האָט געקראָגן. ער פאָרט אַוועק, טאָ פאַרוואָס זאָל ער באַרעדן דאָס לאַנד? ער באַטראַכט זיך ווי אַן אַמבאַסאַדאָר, וואָס די סאָוועט־רעגי־רונג האָט געשיקט צו אַ פריינדלאַכער מעדינע, טאָ פאַרוואָס זאָל ער מיט אַן איבריק וואָרט אַריינפירן זיין לאַנד אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע?

ער גייט אויסגעפוצט ווי אַ מאַגנאַט און ער פירט אַהיים עטלאַכע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, עטלכע אַנצוגן, עטלאַכע פּאָר שיך, אַ שרייב־מאַשין, אַ גראַמאָפאָן און — — —

ער וואָלט שוין געוואָלט זיין אין דער היים.

איר פאַרשטייט, דערציילט ער מיר, מיין עלטערער זון איז גע־באָרן געוואָרן אַ שטומער. ווען איך האָב אים איבערגעלאָזט איז ער אַלט געווען פינף יאָר און ער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ער איז געזעסן שטום און געקוקט מיט וואַרימקייט אויף אַלעמען, אָבער ער האָט געשוויגן מיט אַזויפיל טרויער, אַז עס איז געווען אַ ראַכמאָנעס. איז געראָטן אין אַ פעטער, וואָס איז געווען אַ צאַרט־פילנדיקער שטומער און האָט געהאַט אַן איינגעבוירענעם געפיל פון שיינקייט. דער פעטער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט קיין ווילדע קלאַנגען ווי אַנדערע שטומע, ער האָט בלויז גערעדט מיט די פינגער און איז אויף זיין אויפן געווען לאַקאָניש. דער זון איז אויך געזעסן און געשוויגן ווי אַ זשיראַף.

אָבער פאַר די לעצטע עטלאַכע יאָר האָבן גרויסע סאָוועטישע פּראָפעסאָרן גענומען דאָס קינד אין דער אַרבעט, ביז זיי האָבן אים דערוייל אויסגעלערנט אַן איינאונאיינציק וואָרט —

פּאָפּאָ! און איצט, ווען ער וועט אַהיימקומען, וועט ער עס הערן מיט זיינע אייגענע אויערן. ער קען זיך גאַרנישט דערוואַרטן אויף דעם גרויס גליק. איר ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ פרייד דאָס איז, וואָס דער שווייגנדיקער מישאַ וועט זאָגן „פּאָפּאָ". ער האָט דאָך דאָס געזאָגט די גאַנצע צייט מיט די אויגן — איר האָט באַדאַרפט זען די אַגאָניע — מיט די ליפּן, מיט די הענט, און איצט וועט ער עס זאָגן מיט דעם מויל.

און בעאייס מאַיסע, ווען ער דערציילט, רינען ביי אים טרערן פון די אויגן אויף אַן עמעס סענטימענטאַל־רוסישן שטייגער.

און אין זיין דערציילן איז נישט נאָר דאָ די ליבע פון אַ טאַטן, נאָר די פאַרליבטקייט פון אַ זון אין זיין לאַנד, וואָס האָט אַזעלכע געבענשטע פּראָפעסאָרן, וועלכע מאַכן אַזויפיל פּראָגרעס און ווייזן מאמעש וואונדער אויפן געביט פון מעדיצין און כירורגיע.

דער טאַטע כאַזשעוו'ס איז אַ פּויער, אָבער ער איז אַלעמאָל גע־ווען אַ רעוואָלוציאָנער, כאָטש ער האָט קוים געקענט לייענען און שרייבן. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס עס מיינט אַרבעטער, פּויער און וואָס עס מיינט דעם צאַר'ס בייטש. ער איז געזעסן עטלאָכע מאָל אין טורמע און איז, אַ דאַנק דעם, היינט, צו זעכציק, האַלב־פּאַראַ־ליזירט און אַ צעבראָכענער שאַרבן. די רעגירונג גיט אים אַ פּענסיע און ער זיצט גאַנצע טעג און וויינט, וויינט פון גליק, וואָס ער האָט דערלעבט אַזעלכע צייטן. איר האָט באַדאַרפט זען, ווי דער טאַטע איז געווען גליקלאַך, ווען איך בין געגאַנגען אין אוניווערזיטעט און גע־זעסן גאַנצע טעג און שטודירט. אָפּטמאָל, אַז ער פלעגט נעמען אַ קויסע האָט ער געקענט געבן אַ כאַפּ אַ שווערן בוך פיזיקע, אָדער כעמיע און אַ באַפעל טאָן: אַנו־קאַ, וואָסיאַ, גיב נאָר אַ לעז! לאָמיר נאָר זען ווי אַ פּויערשער זון לייענט און קריגט נאַאוקאַ. איך האָב דעם טאַטן געמוזט צוליב טאָן און לייענען, לייענען גאַנצע שטיקער און אַז ער, דער פּויער, וואָס איז נאָך אָביסל געכאַפּט אין רעליגיע, האָט זיך צוגעהערט צו די טשודנע אומפאַרשטענדלאָכע ווערטער, פלעגט ער געוויינלאַך ליאַפּן מיט טרערן און רעדן מיט אַ געווערג־טער שטים: סלאַווואַ טיע גאָספּאָדי! סלאַווואַ טיע גאָספּאָדי!

די מאַמע קען נישט לייענען און נישט שרייבן. שטענדיק אַ שווערע אַרבעטאַרערין, שטענדיק מיט געשוואָלענע רויטע הענט, מיט גראָבע געשוואָלענע פיס און געשוואָלענע אויגן פון אָפּוויינען די יאָרן, ווען דער טאַטע איז געזעסן אין טורמע, ווען די קינדער האָבן געקרענקט און ווען אין הויז איז קוים געווען אַ קאָרג שטיקל פּיסנע ברויט.

דאָס זענען, גיט ער מיר איבער, זיינע אָנטעצעדענטן. און איצט קומט זיין לאַנד און עפנט פאַר אים, דעם פּויערשן זון, אַלע טויערן און אַלע טירן. אַוואָדע איז ער דאַנקבאַר. וואו וואָלט ער איצט גע־ווען ביים צאַר? דער סאַמע נידריגסטער, געמיינסטער, שמוציקסטער שטויב אונטער די פיס, אָבער אונטער דעם סאָוויעטסקי סאָיוז, ווערט ער, כאַזשעוו, דער אויסדערוויילטער סטודענט. זיין לאַנד שיקט אים און פאַרלאָזט זיך אויף אים, אַז ער וועט אין זיך אַריינזאַפּן גענוג לערע, קעדיי צו קענען צולייגן דעם קאָפּ און די הענט צום אויפבוי פון לאַנד, וועלכס דאַרף זיין אַ מוסטער פאַר דער וועלט און פון ניי לעבן פאַר די צוקונפטיקע דוירעס.

פאַרוואָס זאָל דאָס האַרץ נישט זיין פול מיט דאַנקבאַרקייט? עס איז אָבער נישט בלויז די עגאָצענטרישע אורזאַך. עס גייט אויף איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון לאַנד אַ ניי לעבן, דערוויל, פאַר

אַסאַך, אַסאַך, אַסאַך מיליאָנען, אַ שווער לעבן, אָבער עס זעען זיך שוין שפּורן פון אַ בעסערער צוקונפט.

ער הויבט פאַר מיר אָן אויסצורעכענען מיילעס פון סאָוויעטסקי סאָיוז. ער איז זייער פּאַרזיכטיק און זייער קלוג אויסקלייבנדיק גראַד אַזעלכע מיילעס, וועלכע זאָלן בוילעט אונטערשטרייכן די כעסרוינעס פון אַמעריקע, וואָס ער טאָר דירעקט נישט באַרעדן.

און נישט נאָר דאַרפן מיר פויערשע זין, זאָגט ער, זיין דורכגעדרונגען מיט דאַנקבאַרקייט, נאָר די אידן דאַרפן טאַנצן אין די גאַסן. יאָ, טאַנצן אין די גאַסן! וואָס זענען די אידן געווען פאַר דער רעוואָלוציע? גאָרנישט! און איצט, וואָס זענען זיי? אַלץ! ווי יעדער איינער בירגער אין לאַנד איז אַלץ.

ער דערציילט עס מיר נישט ווי אַ גוי, וועלכער וויל זיך ערקלערן אין ליבע צו אידן. פון אַט־דער היסנאַצלעס איז ביי אים נישטאָ קיין שפּור. ער דערציילט עס פּאַשעט מיט גרויס פרייד, וואָס זיין סאָוועטסקי סאָיוז האָט גוט געמאַכט אַ גרויסע אַוולע, אַ בלוטיקע אומרעכט. ער איז גוט באַהאַוונט אין אַלע אידיש־סאָוועטישע איניאָנים, ער ווייסט וועגן אידישע שולן, אידישע קאָלכאָזן, אידישע שרייבער און איז ניספּאָעל פון אידישן קאָמער טעאַטער. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אַלעמען נישט ווי אויף טשיקאַוועקייטן, ווי אַ גוי פּלעגט זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אין שול אַריין צו הערן אידישע נעגינע, נאָר ער קאַטאַלאָגירט עס ווי גרויסע אויפטואונגען פון לאַנד.

ער איז אַלט 34 יאָר. ער איז מיטלוואוקסיק, און האָט עמעסע סלאָווישע באַקן. ער קוקט אויס פויעריש, ער האָט אַ פויערש פּאָנים, פויערשע הענט, פויערשע, גרויע אויגן, אָבער יעדער פויערשער שטריך איז אויסגעאיידלט, ווי גאָרקיס פויעריש פּאָנים, וואָס איז ראַפינירט געוואָרן דורך יאָרן און יאָרן. ער פאַרמאָגט קלוגע אויגן, פאַרצויגן מיט אַ דינעם הויך פון עכט־רוסישער טרויעריקייט, וואַרימע אויגן.

וואַרימקייט! דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט. פון אים שלאָגט מיט וואַרימקייט. כאָזשעוו רעדט צו מיר מיט דער ליבשאַפט, וואָס טרעפט אָפט בלויז ביי מענטשן, וועלכע זענען געזונט און זענען ביי זיך גאַנץ. ער דערציילט און דערציילט. ער וויל פאַר מיר אויסמאָלן דאָס לאַנד זיינס, וואָס ער האָט אַגעוו דורכגעשפּרייזט אין דער לענג און אין דער ברייט. און אויב ער וואַרפט אין דערזעלבער צייט אַריין אַ באַדויערלאַכע באַמערקונג וועגן נאָך נישט אויסגעבעסערטע כעסרוינעס, טוט ער עס מיט אַזויפיל נאַאיוויטעט, אַז בעאייס איך הער עס,

וויל אים מיין געדאַנק גאַרנישט טאָן די אָוולע און עס אויפנעמען. אַזוי גוטמוטיק, גוטברידערלאַך און אינטים דערציילט ער עס מיר.

בלויז איינמאָל האָט ער דערמאָנט פאַרבייגייענדיק דעם „וואָזשד״. די באַמערקונג איז נישט געווען באַגלייט פון קיין געצוואונגענעם אָדער געקינצלטן מישעבייראַך. אים האָט אינטערעסירט, אויפריכטיק אינטערעסירט דאָס גאַנצע, גרויסע און פאַרנעמיקע. עס איז פּאַשעט אומגליקלאַך, זאָגט ער מיט אַ קעמאָט פויערשער נאַאיוויטעט, וואָס אַנדערע לענדער זעען דאָס נישט איין און טוען אונדז נאָך נישט נאָך.

נאָך דער דאָזיקער עלעגאַנטער פּראָפּאַגאַנדע גיט ער מיר איבער, אַז ער איז נישט אַליין, אַז אויף דער שיף געפינט זיך אַ היבשע סאָוועטישע קאָלאָניע און אַלע פאָרן זיי צוריק אַהיים.

ער ווייזט מיר אָן אויף אַ ווינקל פון דעק, וואו עס זיצט אַ דאַמע אויף אַ זון־שטול. זי האַלט אויסגעשטרעקט די פיס אירע, נישט קיין דעליקאַטע פיסלאַך, פון דער נאָזשקי־קאַטעגאָריע, נאָר שווערערע, כאָטש אומבאַדינגט פרויען פיס, וועלכע זענען אַפילו געווען נישט שלעכט געשניצט אויף אַזויפיל, אויף וויפיל דער באַשעפער קען זיך אָנשטרענגען און קאָקעטירן מיט פאָרם ביים אַריינבלאָזן אַביסל רייץ אין אַ דיקערן פוס.

דער דאָזיקער נישט אָפּשטויסנדיקער פּאַנאָראַמע צופיסנס זיצן עטלאַכע יונגע און קוקן אַרויף צו דער דאַמע, אויף דעם סאַמע אַלט־פרענקיש־נאַדסאָנישן שטייגער.

די דאַמע איז די איינאונאיינציקע אויף דער שיף, וואָס קאָקעטירט מיט יאַמקראַנקייט. די טעג און די נעכט זענען אַזעלכע וואונדער־באַרע, אַז מען שלינגט מאַמעש שטיקער געזונט, אָבער די דאַמעליידט. אירע פעך־שוואַרצע האָר, פאַרקעמט מיט אַ שרינט אינמיטן, אירע אידישע אויגן, אירע דיקלאַכע, קעמאָט ווי אָנגעשוואָלענע ליפּן — אַלץ ליידט. און ווייל זי איז אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצער כאָפּטע רוסן, באַמיט זי זיך נישט צו ליידן, נאָר צו סטראַדאַיען.

די יונגען קוקן אַרויף צו איר און ס׳קומט צווישן זיי פאָר אַ מין געוועט, ווער עס וועט זאָגן אַ צאַרטער וואָרט, אַ קאַוואַלערישער וואָרט, אַ געפליגלטער וואָרט. מען רופט צוהילף שורעס פון לער־מאָנטאָוו, פּושקין, ניעקראַסאָוו, מאַיאַקאָווסקי און יעסעניך, און דער רוסיש־אידישער דאַמע איז גוט, אויסערגעוויינלאַך גוט. זי איז נישט גאָר קיין שיינע, נישט גאָר קיין יונגע און דאָך קריגט זי קעניגלאַכע אויפמערקזאַמקייט. זי פּיעסטשעט זיך מיט דער יאַמקראַנקייט און די קאַוואַלערן זענען צו איר דינסט. שענערע פרויען פון איר זענען אויף

דער שיף אויסבראַקירט געוואָרן, אָבער פאַר די רוסישע יונגעלייט האָט דאָס געהאַט אַלדאָס כיין צו הערן ווי אַ רוסיש וואָרט טריפט פון ווייבערישע ליפּן, אויף אַן ענגלישער שיף, אין אַ פרעמדער אַטמאָס־פערע!

קינדער, נעמט אַרונטער די פאַרכאַלעמטע אויגעלאַך פון דער עלעגאַנטער סאָניא יאַקאָווליעוונאַ און שפּאַרט אָפּ אַ וואָרט אויך פאַר אַ דזשענטלמאַן — זאָגט כאַזשעוו אויפגעלייגט און אַקטיאָריש — באַקענט זיך!

אַ טייערער באָכער מיט אַ שטרויבלאָנדן קאָפּ און אַ ברייט רוסיש מויל מיט רייד, וואָס ווערן פריער אויסגעבעט אויף אַ טיפן שאַליאַ־פּינשען באַריטאָן, אַז זיי קומען אַרויס ווי אויסגעשפּילט אויף אַ וויאָלאָנטשעל, אַ צווייטער מיט אַ טאַמעוואַטן פּאָנים, אָבער מערק־ווירדיק פריילאַכע און גוטע אויגן, אַ דריטער מיט אַ בערעי אויפן קאָפּ און שטאַרק רירעוודיקע הענט, אַ פערטער מיט אַביסל אַ געבוי־גענער, סטודענטישער פּלייצע און אַ סטודענטיש־ערנסט פּאָנים — אַלע גיבן זיך אַ שטעל אויף קימאַט מיליטעריש. סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ שטרעקט מיר אויס אַ הענטל, וואָס האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צו דער מעטאַמאָרפאָזע פון הויזפרוי ביז קאָקעטישער מאַנירלאַכקייט. ס'גע־דויערט נישט קיין מינוט און איך ווער אַריינגענומען, ווי אַן אייגענער מענטש אין דער קליינער סאָוועטישער קאָלאָניע אויף דער שיף.

— פּאַזשאַלוסטאַ — דונערט דער בלאָנדער, דער רוסישסטער פון אַלע זיינע כאַווירים, אויף זיין וואונדערבאַרן באַריטאָן, וואָס בלויז אַ רוסישער יונגערמאַן קען זיך אַמאָל פאַרגינען. זיינע פרייע באַנע־מונגען, זיינע פרייע רייד און זיינע בליציקע רעזאָנירונגען, האָבן מיר צוריקגעבראַכט אַן עכאָ פון באַזאַראָוו, אַ הויך פון סאַנין מיט זיין געשלעכט־עמאַנציפּאַציע, און צענדליקער אַנדערע העלדן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן נישט אַזוי פון דער רוסישער ווירקלאַכקייט, ווי דורך דער מי פון רוסישע שרייבער, וואָס האָבן אָפּגעטאָקט אַ העלד און אַ גאַנצער דאָר אינטעליגענטע רוסן האָט זיך אויף דעם העלדס מאַניערן דערצויגן. און דאָך איז דער בלאָנדער, מיט דער שטים פון אַ רוסישן סאָבאָרן־גלאָק, געוועזן אַ נייער סאָרט רוסישער אינטעליגענט, אַ פּראָ־דוקט אויך פון נייע מאַניערן. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַלע אייגנ־שאַפטן נישט פון אַ פּראָדוקט, נאָר פון דעם עכטן עקזעמפּלאַר. ער האָט אַ זעלטן פיינע באַהאַוונטקייט אין פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פּראַגן. זיינע כאַווירים האָבן קענטיק דערעך־ערעץ פאַר זיין דיאַלעקטיק און פאַר זיין צופּאַסן סאָוועטישע לערע, ניי־לעבן און ניי־טראַכטן צו

פֿאַרשידענע באַדינגונגען. ווען זיינע קאָלעגן מאַכן אַ טאָעס און שטרויכלען מיט אַ דערקלערונג, שלאָגט ער זיי איבער גוטמוטיק.

נישט אַזוי וואָלטן מיר געהאַנדלט, כאַווירים, אָדער, אַזוי וואָלטן מיר געהאַנדלט אין אַזאַ דילעמע, איז ער מאַסביר שווערע טעאָרעטישע איניאָנים, גייענדיק טרעפּנווייז צו זיין אויספֿיר.

ער און צוויי אַנדערע פֿון דער גרופּע האָבן פֿאַרבראַכט בלויז זעקס וואָכן אין אַמעריקע, וואו אַלס עלעקטראָ־טעכניקער זענען זיי קאָמאַנדירט געוואָרן צו באַזוכן פֿלענטס און פֿאַבריקן. זיי האָבן אין פֿאַרלויף פֿון די זעקס וואָכן אַסאַך געזען און אַסאַך געלערנט. דער פֿערטער, מיט דעם טאָמעוואָטן פּאָנים, האָט אין זיין פֿאַבריק, וואו מען האָט געצויגן אַ לאָטעריי, געוואונען אַ פֿרייע רייזע אַרום דער וועלט און אַ יאָר וואַקאַציע. איז ער געווען אומעטום, וואו די וועלט האָט אַן עק, און איצט פֿאָרט ער צוריק אין פֿאַבריק.

און מאָדנע, אַפֿילו דער שווערער אַרבעטער, וועלכער אַרבעט אין אַן אייזנגיסעריי און האָט שווערע אויסגעאַרבעטע הענט, האָט אויך אַ פֿאַרליבע צו עקאָנאָמישע פֿראַגן. ער טרעט צו צו די פֿאַרפֿלאָנ־טערטסטע פֿראַגן פֿון וועלט־עקאָנאָמיק מיט אַן אינטימיטעט. די טריקנסטע, האַרבסטע זאַכן ווערן לעבעדיק ביי אים, עס איז קענטיק, אַז פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פֿראַגן זענען נישט נאָר האַרטע ווירקלאַכ־קייט פֿאַר סאָוועטישע יונגעלייט, נאָר אויך אַ ספּאָרט. זייערע „קראָס וואָירד פּאַזלס", פֿון וועלכע זיי האָבן שטאַרק האַנאָע. זיי דרייען די וועלט אויף אַלע זייטן און ווייסן גענוי, וואו איר צו דערלאַנגען אַ גלעט און וואו אַ בריק. יעדער סאָוועטישער יונגערמאַן באַטראַכט זיך פֿאַר אַ פֿאַרשטייער פֿון זיין לאַנד און ער איז גלייך דערצויגן צו וויסן וואָס צו ענטפֿערן דעם אַפּיקוירעס.

די פֿיר, וואָס האָבן בלויז אַ קורצע צייט פֿאַרבראַכט אין אַמע־ריקע, פֿילן זיך ווייניקער פֿאַרפֿליכטעט ווי זייער כאַווער כאַזשעוו. זיי קריטיקירן שוין אָפֿענער אַמעריקע און אירע זיטן, אָבער אַלעמאָל מיט אַ פֿאָררעדע: מיר ווילן אייך (מיר, דעם אַמעריקאַנער) נישט געבן קיין אייצעס ווי אַזוי צו פֿירן דאָס לאַנד, אָבער —

און דאָ קומען עטלאַכע אָבערס, וועגן דעם ווי שוידערלאַך־שמוציק און אָנגעכאַזערט מיט ציגאַרן און פּאַפּיראָסן עס זענען אונדזערע טעאָטערס און אַמוזיר־פּלעצער און ווי שמוציק די גאַסן. די סאָווע־טישע טעאָטערס זענען מוסטער־ריין. דער אַרבעטער קומט אין טע־אַטער ווי אין אַן אַמאָליקן טעמפּל און אַלץ איז דאָרט זויבער.

האָט איר באַזוכט די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע טוער, אַמערי־קאַנער קאָמוניסטישע מיטינגען?

פולשטענדיקער און אַבסאָלוטער צוריקטריט. קימאַט מיט שרעק, שרייען זיי אַלע אויס אונטער דער אויפזיכט פון דעם בלאָנדנס קלינגנ־דיקע רייד:

נײן! וואָס האָבן מיר דערמיט צו טאָן? מיר זענען סאָוועטישע בירגער און אַמעריקאַנער געסט, מיר ווייסן גאָרנישט וועגן דער אַמע־ריקאַנער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אַכוץ פון הערן.

אַ זיפץ פון דערלייכטערונג ביי אַלעמען. זיי האָבן געהאַנדלט, ווי עס דאַרפן האַנדלען סאָוועטיש־פאַראַנטוואָרטלאַכע עמיסאַרן בענויגייע אַ פרעמד, אָבער דיפּלאָמאַטיש־פריינטלאַך לאַנד.

סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ, לייגן זיי שוין צו אַביסעלע געלאַסענער און איבערגעלייגטער, קען אייך עפּשער אַביסל דערציילן וועגן דער אַמע־ריקאַנער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

סאָניאַ האָט פאַרבראַכט צוועלף יאָר אין אַמעריקע. איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן מיט צוויי יאָר צוריק קיין סאָוועטנפאַרבאַנד, וואו ער האָט געקראָגן אַ פאַראַנטוואָרטלאַכן אַמט. איצט פאָרט זי אַהין זיך באַ־זעצן און זי פאָרט מיט פרייד, ווייל סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ האָט אין אַמע־ריקע אָנגעהאַלטן איר גאַנץ רוסישקייט — איר נאָמען, פאָטערס נאָ־מען און אויך איר אָדעסיש־האַרטן, כאָטש גאַנץ זאַפטיקן רוסיש, מיט די אידישע ריישן.

איך לאַד זיי איין צו מיר אין דער קאַבינע אַביסל אויסטרינקען. איך האָב, דערצייל איך זיי, עטלאַכע פלעשער, מיט וועלכע איך קען זיך אַליין נישט ספּראַווען. אַלע שוויגן און קוקן אויף דעם שטרוי־בלאָנדן יונג מיט דעם גלייכן קענזשער האָר. עס איז זיי אַביסל אומ־באַקוועם, אַז סאָוועטישע מענטשן זאָלן זיך פון אַ פרעמדן לאָזן איבער־רעדן אויף שיקרעס.

דער בלאָנדער לאַכט פון גרויס פאַרלעגנהייט. די אויגן הויבן אָן אַביסל פלאַקערן און ער פאַרמאַכט זיי אויף דער העלפט, טראַכטנ־דיק פון אַביסל מאַשקע. פּעכטנדיק מיט דעם געדאַנק, קוקט ער אויס ליב־גויעשק. נאָך אַ שטילן קאָמפּראָמיס מיט דעם יעצער־האָרע און מיט סאָוועטישער דיאַלעקטיק פאַסקענט ער נאָכגעביק:

ניעמנאָזשעטשקאָ! און ער ווייזט אָן אויף דעם פינגער, אַז ער וועט נעמען בלויז אָן אָפּ.

אַלע גייען מיט מיר, אַפילע די קראַנקע סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ אויך. און נאָכדעם ווי דער בלאָנדער האָט אַריינגעגאָסן היפּשע עט־לאַכע ניעמנאָזשעטשקאָס, ווערט פול מיין קאַיוטע מיט פריילאַכע סאָ־וועטישע לידער.

## II

און ווי זיי זינגען אַזוי, און ווי דער בלאָנדער כאָפּט אַ טענצל מיט דער שווערלאַכער סאָניאַ יאָקאָווליעוונאַ ביי מיר אין דער ענגער קאַבינע, און ווי זיי ברענגען אַריין אַ גראַמאַפאָנטשיק מיט פּליטעס פון רוסישע אונטערטענצלדיקע לידער, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ קוויטש, ווי דער קרעשטשענדאָ פון פעלדפעבל, בעאייס ער פירט נאַוואָבראַנצעס אין באָד אַריין, אַ קוויטש וואָס באַווייזט, אַז דאָס לידל האָט זיך גע־ענדיקט, דאָס כאַיעס האָט זיך געענדיקט, כאַטש נעם, שטרעק זיך אויס און מאַך צו די אויגן אויף אייביק פון מעסיקעס; און ווי עס הויבן זיך אָן באַווייזן קעפּ פון נייגעריקע און מעיושעוודיקע אַמעריקאַנער, וואָס קוקן אויף אונדזער סימכע, ווי אויף אַן אָרגיע פון פריינטלאַכע קאַ־ניבאַלן, און ווי די פרייד פון בראַנפן, גראַמאַפאָן־קריי, סאָניאַ יאָקאָוו־ליעוונאַ׳ס שיקערלאַכן געלעכטער, צווישן אַזויפיל מענער, און מענער־שער, קימאַט האָמאָסעקסועלער פריינטשאַפט, הייבט אָן אַרויספּראַלן דורך דער טיר, זוכנדיק ברייטערן שעטאַך, — זאָג איך צו זיך: אָט־דאָס איז עס.

ניט, אָט־דאָס איז עס, מיט אַ פּראַגעצייכן און ניט מיט אַן אויס־רוף־צייכן, נאָר מיט אַ שיקערער גלייכגילטיקייט און אָן שום פּניעס, ווייל איך אַליין בין אויך אַ היפּש ביסל אונטערגעשנאָשקעט.

אָט־דאָס איז עס, זאָג איך צו זיך. דאָס איז דער נייער, פריי־לאַכער, געזונטער דאָר פון מאַטעריאַליסטישער ראָמאַנטיק. דאָס איז דער רעזולטאַט פון זיג, פון פלאַטערדיקע פאָנען, פון געוואונענע באַ־ריקאַדן, פון קאַמף, קאַמף, קאַמף, רעוואָלוציעס און קאָמונעס. דאָס איז געזאַנג פון דערגרייכונג.

דאָס וואָס איך אַליין זיץ דאָ מיט די זיגער, מיט די דערגרייכער, איז אויך נישט אַ שפּרונג און אַ כאַפּ און אַ קום צום גרייטן. איך קום אַהער דורך אַלע רעוואָלוציעס אין די ביכער, מיט אַלע נעמען פון רע־וואָלוציאָנערע מאַרטירער, מיט אַלע אַרבעטאָרערישע דאָגמעס, מיט די אַלע טאַטוס אין קינדישן מויאַך פון דעם, וואָס מיין שטאָט האָט מיט־געקעמפט, מיטגעליטן און מיטגעהאָלפן אַרונטערצוואוואַרפן ניקאָליי־קעלען.

ברידער און שוועסטער, לאָמיר גיין צוזאַמען.
זאָל אין ניקאָלייקעלן אַ רואַך אין זיין מאַמען.
העי, העי, דאָלאָי פּאָליציי.
דאָלאָי סאַמאָדערזשעץ איוו ראָסעי.

מיט דעם־אַ „רוסיש״־רעוואָלוציאָנערן לידל, וואָס קלאָסנבאַוואוסטע שניידערינס, נייטאָרינס, העפטשערקעס, סטאָליערס, טאָקערס, גאַרבער, דראַטווע־ציער און העקער־יונגען האָבן אונטערגעפּאָנפּעט בעגנייווע, האָב איך זיך געריצט מיט דעם זיידן מיינעם. עס איז געווען מיין קינדישע רעוואָלוציע קעגן זיין שרעק. רייבט ער די פּערץ (דאָס איז געווען מיין זיידנס קלאָלע ווען ער איז געווען שטאַרק אין קאָס), מען וועט אונדז אַלעמען צוליב דעם שייגעץ פאַרשיקן קיין סאַמביר.

און איך, ווי קיינמאָל גאָרנישט, האָב אַלץ געזונגען דאָס לידל, אָרגאַניזירנדיק צום „קאַמף״ אויך מיין אינגערן ברודער, וועלכער איז געווען געראָקט פון מיר מיט צוויי יאָר און וואָס האָט קוים געקענט זאָגן „סאַמאָדעוזשעץ״.

אַליין בין איך דאַמאָלס אַלט געווען פינף־זעקס יאָר. מיינע כאַווירים זענען געווען אינגלאַך מיט לעכטלאַך אין די נעז, מיט די סטענער אינדרויסן ווי קליינע עקלאַך און מיט שמאָלע אידישע הי־טעלאַך. איך געדענק, אַז ס׳איז נאָך נישט שטאַרק זיכער געווען די ערד אונטער אונדזערע פיס און מיר האָבן זיך אַלע געשאָקלט, שפּילנ־דיק זיך, אין קייסער. מיר האָבן אַוואָדע געמוזט אויסקוקן ווי אַ גאַנ־צער הויף פּענגווינס.

כ׳וויל זיך כאָלילע נישט אויסהעפטן רעוואָלוציאָנערן סטאַזש, אָבער שוין ד׳אַמאָלס האָב איך געוואוסט, אַז דער שלאָס, אָדער דאָס קרימי־נאַל, וואָס מען האָט אָנגעזען איבער אַ גרויס שטיק פון שטאָט, איז נישט געווען רעזערווירט בלויז פאַר גאַנאָווים. די בייזסטע סאָלדאַטן מיט גרייטע ביקסן זענען געגאַנגען אַרום און אַרום, טאָג און נאַכט, נאַכט און טאָג און געהיט. דורך דעם גאַנצן אונטערן שלאָס, דורך די פאַרשידענע אידן־גאַסן, ביז צו דער שול, האָט מען אַלץ געזען דאָס קרימינאַל. אידן זענען געגאַנגען אין שול אַריין אונטער דעם שרעק פון מאַלכעס, ווייל פון באַרג אויבן, האָבן אַרונטערגעגלאָצט די סאָל־דאַטסקע ביקסן.

און צופוסנס דעם קרימינאַל איז געשטאַנען קראַסוצקיס פאַבריק, וואו עס האָבן געאַרבעט אויסגעמוטשעטע, פאַרהויקערטע „זדעכלאַ־קעס״, די הוסטנדיקע ציגאַרן־ און פּאַפּיראָסן־מאַכער, אָבער צווישן דער פאַבריק און קרימינאַל, און ספּעציעל דעם טייל, וואו עס זענען געזעסן די פּאָליטישע, איז געווען אַ בריק.

דאָס איז געווען די אידעלע טאָכטער פון די קראַסוצקיס. אַ לאָמע איז זי געווען. זי האָט געטראָגן ברילן און האָט געהאַט אַ גויעשק־אידישן פּאָנים און ערנסטע אויגן. פאַרטאָג פלעגט זי אַרויסגיין אויפן

גאַניק און אַן מוירע זיך דורכרעדן מיט די אַרעסטאַנטסקע קעפּ אין די גראַטע־פענצטערלאַך.

מיין באַגריף פון רעוואָלוציע? מיין זיידע האָט מיר דערציילט שיינע פּאַווסטאַניע מייסעלאַך, וועגן בערעק יאָסעלעוויטש און וועגן אידישע שענקערס, וואָס האָבן באַהאַלטן פּאַנעס, און אַפילע דעם וויץ וועגן דער אידישער דאַליע ביי פּאַנעס, וואָס קריכן אַרויס פון דער הרובע, דרייען זיך די וואָנסן און שרייען צום זשיד: „טשאַפּקען זדים״!

דערציילט האָט דער זיידע, וואָס איז געווען אַ שטאַרקער רעאַ־ליסט, אַז ווען די קאָזאַקן האָבן געכאַפּט אַ פּאַווסטאַנטשיק האָבן זיי אים אָפּגעשניטן דאָס סאַמע וויכטיקסטע גליד, און עס אים דער־לאַנגט מיט גרויס העפלאַכקייט: „קוריטיע פּאַזשאַלוסטאַ!״ ער האָט אויך געהאַט גאַנצע פּעק מיט מייסעס וועגן גערילאַ־קאַמפּן אין גע־דיכטע פּוילישע וועלדער, אַנטשלאָסענע, אַקשאַנעסדיקע, וועגן טליעס, פּיקעס, קינזשאַלן און קאַזאַצקע נאַגייקעס.

ערשטע טריט פון דער רעוואָלוציע. נאָך האַלבער נאַכט. נישט דורך דער פּאַראַדנער קראַקעווער פּערשטאַט, נאָר אויף די פּאַרהוי־קערטע און דערשראָקענע אידן־גאַסן פלעגט זיך מיטאַמאָל דערהערן געזאַנג. די האַלב־טאַוועלנע הייזקעס, וואָס זענען צוגעקלעפּט מיט ניכטערן שפּייעכץ, ציטערן אויף אָבער זיי בלייבן נייטראַל און שטום.

מען ווייסט שוין וואָס דאָס מיינט. מען האָט אַפילע מוירע אַרויסצוקוקן פון פענצטער, מען טוליעט זיך אונטער די איבערבעטן. מען ווייסט אַז די רעוואָלוציאָנערן נעמען מיט געוואַלט אַ גאַס. זיי שטעלן איין, אַז ביז די מאַכט וועט קומען צו דער אידן־גאַס, וועט שוין זיין אויס. און דערוויל גייען די פּע־פּע־עס פון דער אַכזאַריעס־דיקער העסעס אייזן־גיסעריי, וואו מען מאַכט שווערע וואַגשאַלן, פון די ציגעלניעס, פון די צוקער־פאַבריקן, מען האַלט שטורקאַצן, מען גייט מיט דער פאָן און מען זינגט:

נאַ באַריקאַדי, ליודו ראַבאָטשי
טשערוואָני שטאַנדאַרד

פריער גייט מען לאַנגזאַם, דערנאָך כאַפּט מען שנעל, די שטור־קאַצן בליצן פאַרביי די פענצטער, מיטאַמאָל שטיל. אַ דערשראָקענע שטילקייט, וואָס שרייט געוואַלט און פלוצים אַ געטופּ פון פייערדיקע, בייזע, קאַזאַצקע פערדלאַך, וואָס זענען אָנגעקומען, ווי דערוואַרט, צו שפּעט און נאָכאַלעמען.

די קאָזאַקן זענען בייז וואָס זיי האָבן פּאַרשפּעטיקט און זיי טשי־שען זיך דעם קאָפּ מיט אַ שאָס, וואָס ווערט אַריינגעשלאָגן אין דער אידישער נאַכט אַריין ווי אַ פייערדיקער טשוואָק.

אַמאָל, אַ טישעבאָוו באַנאַכט, האָט זיך כעוורע גראַד פאַרגלוסט צו באַווייזן רעוואָלוציאָנערן מוט און גיין דורך דעם שולהויף מיטן פּאָן. באַלד זענען אָנגעלאָפן קאָזאַקן און געכוואַשטשעט מיט די ראַפּ־ניקעס. די שול האָט מען שנעל אָפּגעשלאָסן. עטלאַכע שאָ צייט האָט מען געהערט די קאָזאַקן שנאַפּן אַרום די שול־ווענט ווי בייזע הינט, אָבער אין שול אַריין האָבן זיי פאַרט נישט געוואַגט אַריינצוקומען. מיר ווידער האָבן מוירע געהאַט אַרויסצוגיין, זענען מיר געבליבן אין שול נאָך די קינעס אַ גאַנצע נאַכט.

עס איז שוין איינמאָל געווען אַ טישעבאָוו. מיר האָבן אַלע מאָ־מעש נאָכאַמאָל דורכגעלעבט דעם כורבן. די ליכט האָבן געצאַנקט, דער כאַזן איז געבליבן זיצן אויף די טרעפּ צום אָרנקוידעש. איך בין געזעסן און האַלב געדרימלט אויף אַ האַרטן, איבערגעקערטן שטענ־דער, געשאַרט מיט די זאָקן אין שטרוי און האַנאָע געהאַט פון די פליי, וואָס האָבן מיר געקיצלט די פּיאַטעס, אַרומגעשפּרונגען און געכאַ־לעשט אַז מען זאָל זיי צולאָזן נענטער צום פלייש, צו די וואַרימע קינדערשע פיסלאַך.

אין מיטן שול האָט זיך געוויגט אַ שאָטן פון אַ הענגל־לייכטער — אַ גרויסער, אַ מוירעדיקער — אַהין און אַהער ווי אַ געהאַנגענער. אין מויאַך ביי מיר האָבן זיך געפלאָנטערט אָפּגעפּליקטע טענער פון דעם טרויעריק־טעאַטראַלן עלי ציאָן וועאַרעיהאָ, וואָס דער כאַזן האָט נאָר וואָס געהאַט אָפּגעזונגען מיט דער גאַנצער איידע.

איך בין געווען שרעקלאַך הונגעריק און כ׳האָב געטראַכט פון דעם הונגער פאַר דעם כורבן, ווען עלטערן האָבן אָפּגעקאָכט די אייגענע קינדער. מיר זענען באַלאַגערט, אינדרויסן לויפן אַרום טיטוסעס מערדער און דאָ וועט מען זיך באַלד אויף מיר אַרויפוואַרפן און אויפ־פרעסן. כ׳האָב מיט מוירע געקוקט אויף דעם טאַטן, וואָס האָט אונ־טערגעדרימלט און מיך געגלעט מיט אַ שלעפעריקער האַנט.

כ׳געדענק נישט אַקוראַט וואָס פאַר אַ פּאַגראָם דאָס איז געווען — דער קעשענעווער, דער ביאַליסטאָקער, אָדער אַן אַנדער בלוטבאָד. דער טאַטע איז דאַמאָלס אַהיימגעקומען מיט דעם בלאַט און געוויינט אַזוי שטאַרק, אַז אַלע אין הויז האָבן מיטגעוויינט, די מאַמע, דער ברו־דער מיינער, און אַפילע די שטומע דינסט האָט אויך מיטגעבעטשעט, אַכוץ איך, וואָס דאָס האַרץ ווערט ביי מיר אַלעמאָל קיזלשטיין, ווען

עס קומט צו לאָזן אַ טרער. איך האָב געקוקט אויף די שוואַרץ־גע־ראַמטע בילדער און אויף דעם אויפשריפט קדושים און געטראַכט בעשאַס מייסע וועגן די אַסערעס האַרוגיי מאַלכעס, ווי מען האָט זיי געריסן דאָס פלייש מיט אייזערנע קאַמען. אַ טויטער שאַמעס מיט אַ סייפער־טוירע אין דער האַנט, טויטע קינדער מיט פאַרגלייזטע אויגן, צעפליקטע ספאָרים. איך האָב מיט בלאָנדזשענדיקע געדאַנקען צו יענער צייט שוין געהאַט אַנגעטאַפּט דעם זין פון אידישער רעוואָלוציע. פון איין זייט ניקאָליי און פאָגראָמען אויף אידן און פון דער אַנדערער זייט יונגעלייט אַנגעטאָן אין בלויע, שוואַרצע און רויטע העמדלאַך מיט גאַרטלען און טראָלבן. זיי, די העמדלאַך, ווילן אַרונטערוואַרפן ניקאָלייען פון טראָן.

איך האָב זיך גאַנץ גוט אויסגעמאָשלט אַ ניקאָלייקעלע, ווי פאַרע פון מיצראַיעם, וואָס זיצט אויף אַ הויכן טראָן און יעדעס וואָרט זיינס איז אַ באַפעל און אַ גזיירע קעגן אידן. ער האַלט שטענדיק אַ שווערן גילדענעם צעפּטער און אַ גילדענע רוט ווי אַכאַשווייראָש און אַנשטאָט גיין אין אַ מערכעץ, באָדט ער זיך אין אידיש בלוט. מיטאַמאָל, ווי ער זיצט אַזוי און וויל אַרויסגעבן אַ נייע, שווערע גזיירע, גיבן זיך אַ ריס אַריין ווי צוויי שטורעמווינטן, דער רויטער יאַנקל סטאָלער און דער געשטופּלטער יאָסל שלישער. זיי גיבן אים אָפּ טשעסט, גיבן אַ האַק אָפּ ווי אַ מיזמער דעם יעווואָ אימפּעראַטאָרסקאיע וועליטשעסטוואָ און אָפּגעגעבן ניקאָלייקעלען וואָס עס קומט אים, גיבן זיי אים אַ זאָג, אָן צערעמאָניעס: אַדויני מעלעך, פאַשאָל וואָן, גענוג געקיניגט. און ווען זיי בריקן אים אַרונטער פון טראָן, שיסן זיי אים אַריין עטלאַכע פּו־ליעס, שפּייען דריי מאָל אויס און שרייען — אַ קאַפּאָרע זאָלסטו זיין פאַר אידיש בלוט וואָס דו האָסט פאַרגאָסן. באַלד גיבן זיי אַ כאַפּ אַ שטעקן, אַ קוועטש ביי אַ פּרוזשינע און ס'גיט אַ שפּרינג אַרויס מיט אַ פלאַטער די רויטע פאָן און זיי לאָזן זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד מיט געזאַנג —

העי, העי, דאַלאָי פּאָליציי
דאַלאָי סאַמאָדערזשעץ איוו ראַסיי.

פונדעסטוועגן, אַז די העמדלאַך האָבן אַמאָל פאַרכאַפּט די שול און זיך אַוועקגעשטעלט, ווי דער מעלאַמעד פלעגט טייטשן, לעסטערן גאָט, האָט עס מיר פאַרקלעמט ביים האַרץ. קעגן ניקאָלייען, פאַרשטיי איך, אָבער קעגן אידישן גאָט? וואָס האָט דער אידישער גאָט זיך פאַר־זינדיקט? דער גאָט, וואָס מען פליקט און מען טרעט מיט די פיס

זיינע סייפער טוירעס, מען האַרגעט זיינע אידן, דער גאָט וואָס איז מיט זיין פאָלק איסראָעל אין גאָלעס און וואָס האָט נישט קיין פריילאַכע מינוט, אַכוץ עפשער סימכעסטוירע — וואָס קען מען האָבן צו אַזאַ גאָט?

דער אידישער גאָט מיינער האָט אויסגעקוקט אַקוראַט ווי דער לובלינער רעבע אַוואָמעלע אייגער — אַ דאַרער איד מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, וויסע זאָקן און לאַטשן, אַ שטיל קאָל, אַ מענטש, וואָס קען נישט קיין צורעסמאַטבייע, וואָס נעמט נישט קיין פידיען, פאַסט מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און קומט אָפּ מיט שיע־פּיע אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. מיט אַ געבראָכענער שטים וויינט ער אַלעמאָל אויף אידישע צאָרעס. אַזוי האָט אויסגעזען מיין געפּלאָגטער, קינדערשער, אידישער גאָט. וואָס קען מען האָבן צו אַזאַ גאָט, וואָס וויל יעדן טאָג, יעדע שאָ, ברענגען די געאולע, אָבער זיינע הענט זענען צו קורץ און צו שוואַך צו ברענגען מאָשיאַכן?

עס איז געווען פּורים, ווען די העמדלאַך האָבן פאַרכאַפּט די מאַראַם שול, צוגעשלאָסן די טיר און דער פאָרשטייער מיט לאַנגע שוואַרצע האָר, האָט זיך געשטעלט קניען אויף דעם באַלעמער און גע־נומען האַלטן זיין רעדע: כאַוויירים און בערגער, היינט איז פּורים, היינט, רעדט מען איך איין, איז געשען אַ נעס, היינט, דערציילט מען אייך, אַז גאָט, אין זיין טאַטנס טאַטן, האָט די אידן געראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם —

אַרונטער פון באַלעמער דו שייגעץ, דו פּאָשע איסראָעל, אַ דונער זאָל דיך אַוועקלייגן, אַרונטער פון באַלעמער, פוילן זאָלן דיינע ביי־נער — האָט איבער דער גאַנצער שול זיך געהערט דאָס קאָל פון מוי־שעלע גליסקער (אַ איד אַ קויהען, מיט אַ פייערדיקן קאָפּ, מיט אַ שטערן וואָס האָט זיך ביי אים יעדעס מאָל אָנגעצונדן ווי אַ קאָם פון אַ האָן).

אַרונטער פון באַלעמער — און עס האָבן נישט געהאָלפן די סטראַ־שונקעס פון די העמדלעך, אַז מען וועט אים קאַלט מאַכן, אַז מען וועט אים אַריינשיסן אַ פּוליע, מען איז צו אים צוגעגאַנגען גאָר נאָנט און אים אָפּילע געוויזן אַ שפּייער אויך, אָבער ער האָט אַלץ געשריגן ווי אין אַ פייער: אַרונטער פון באַלעמער.

איך בין אָסער שולדיק, וואָס אין דעם דאָזיקן קאַמף פון רעדנער קעגן גאָט און פון מוישעלע גליסקער קעגן דער גאַנצער רעוואָלוציע (און רעוואָלוציע מיינט קעגן ניקאָלייען פאַר דעם פאַרגאָסענעם אידיש בלוט) האָב איך געהאַלטן מיט מוישעלן. ער איז ביי מיר געווען דער

העלד, דער מאַטיסיאַהו, מיט דער געצויגענער שווערד און מיט דעם אויסרוף — ווער צו גאָט — צו מיר. איך בין געשטאַנען לעבן אים ווי אַ קליין מאַקאַבייטשיקל און „מיר" האָבן געקריגט דעם קריג פון גאָט, וואָס קען נישט און וועט נישט קעמפן פאַר זיך, ווייל ער איז אַליין אַ שוואַכער, אַ כאַלוש, אַ ווייַנענדיקער, אַ גוטהאַרציקער, אַ שאָטן וואָס זיצט איבערגעדעקט מיט דעם טאַלעס גאַנצע טעג און וויינט.

און אַדהאַיעם קען איך נישט פאַרטראַגן ווען מען גייט אויף גאָט, וויפיל איך זאָל נישט איינכאַזערן מיט זיך דעם פּאָסעק, אַז רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק, העלפט עס אַלץ נישט. ווען מען נעמט באַ־ליידיקן די הילפלאָזע גוטסקייט הינטער דער גאַנצער מיסטעריע פון מוטשעניש, וואָס מען רופט לעבן, פיל איך זיך טיף באַליידיקט, וואָס מען מישט קאָשע מיט באָטשווינע. איך ווייס, אַז מיינע קינדער וועט דאָס נישט אָנפאַנגען אַרן, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט אַוראָמעלע אייגער אָדער דעם שטילן, איידעלן לובלינער ראַוו, רעב הילעל ליפּ־שיץ. זיי האָבן נישט געהערט ווי ער האָט געהאַלטן זיפצנדיקע דראָ־שעס, איידער ער האָט מיט אַ געבראָכן קאָל סופלירט די טקיעס צו מיין פעטער כילאָשער, וואָס האָט פון יעדער שוואָרים געמאַכט אַ קאַדענצאַ און אַריינגעלייגט דערין אַזויפיל וויטיק, וואָס קיין באַלטקייע האָט ניט געקאָנט.

פונדעסטוועגן האָב איך געפילט אַז עס איז צוגעקומען אַ נייער קויאַך אין שטאָט. ביז איצט זענען געגאַנגען אויף קויאַך די קויאַך־יונגען פון דער אונטערוועלט, די כעוורע וועלכע האָבן געקענט אַריינ־פּעצן אַ מעסער. אַורעמעלע ראָצער, מאָרדכעלע בענקאַרט מיט די לאַקירטע שטיוולעטן, אַנדערע וואוילע יונגען. זיי, אַז זיי האָבן געזאָגט, איז געווען געזאָגט, אַז זיי האָבן געסטראַשעט, האָט מען גע־וואוסט אַז עס איז הייליק, זיי אַז זיי האָבן געשלאָגן אַ קורווע מאַקעס־רעצעך און זי האָט געמאַכט גוואַלדן — אידן בניי ראַכמאָנים, ראַטע־וועץ, זענען די בניי ראַכמאָנים דורכגעגאַנגען, ווי נישט זיי מיינט מען, ווייל מען קען האָבן אַ שיין פּאָנים, אַז מען פאַנגט זיך אָן מיט די לייט.

אָבער אַז די העמדלאַך זענען אויפגעקומען איז די אונטערוועלט גע־לעגן איינגעלייגט. כ'האָב אַמאָל געזען ווי די בונדיסטן האָבן געשלאָגן אַ גאַנעוו, וואָס האָט צוגענומען ביי אַן אָרימער דינסט־מיידל עטלאַכע רובל. שטעק אָפּ דאָס געלט! האָט מען אים געפּראַסקעט. פון דעם גאַנעוו איז גערונען די רויטע יויך, ער האָט געמוזט אָפּגעבן ביז אַ

גראַשן און ביז די דינסט־מויד, מיט הענט ווי געפּרווירענע עפּל, האָט נישט געזאָגט סיגעניג, האָט מען נישט אויפגעהערט צו שלאָגן.

אָט איז אַ נייער קויאַך, וואָס שלאָגט אויך, אָבער עס איז אַן אַנ־דער מין שלאָגן. עס איז צוליב אידעאַל. איך בין ווידער אַביסל צעטומלט געוואָרן, ווען דער נייער קויאַך איז אַריין צו עליע טאַב, וואָס האָט זיך איינגעאַקשנט און נישט געוואָלט געבן די געזעלן זיינע אַן הויסאָפּע, און מען האָט אים אַריינגעשאָסן עטלאַכע קוילן.

קינד און קייט האָבן געוויינט ביי דער לעוואיע. עליע טאַב איז געווען אַ שניידער און אַליין נישט קיין גרויסער געוויר, דאָס פאַרברעכן זיינס קעגן די אַרבעטער האָט אויסגעזען אומגעהייער קליין אַנטקעגן דעם אוינעש, ווען איך האָב געזען דעם שוואַרצן קאַסטן אויף דער אידנגאַס. דאָס ווייב זיינס האָט זיך געריסן ביי די האָר, די קינדער האָבן געוויינט און די טאַלמוד־טוירע אינגלאַך האָבן געזונגען צעדעק לעפּאַנאָוו יעהאַלעך. איך האָב געוואויגן אויף אַ קינדערשער וואָגשאָל און ס׳האָט זיך עפּעס נישט געסטיסעוועט.

עליע טאַבס טויט האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער גאַנצער שטאָט. צום ערשטן מאָל האָט מען אָנגעהויבן פילן, אַז אויב ס׳איז טאַקע דאָ אַזאַ זאַך ווי קאָל איסראָעל כאַווײרים, מיט פּאַראייניקטע אינטערעסן, ווען עס קומט אויסצובעטן ביי גאָט אַ גוט קוויטל, אָדער גלאָט יעשיעס וועגעכאָמעס אויף אידן, זענען אָבער אַ גאַנץ יאָר דאָ צוויי אַרמייען — אַרבעטער און באַלעבאַטים. עס איז געווען דער ערשטער קלאַסנשאָס אין שטאָט.

די אַרבעטער האָבן פּריילאַכער און שטאָלצער געזונגען זייערע לידער. און יעדעס מאָל ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ געזעמל פון אַכט־ניין אַרבעטער איז גלייך אויסגעוואַקסן אַ צענטער, וואָס האָט אָנ־געפּאַנגען זיין פּראָפּאַגאַנדע מיט „כאַווײרים און בערגער". עלטערע אידן, אַז זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען אַזעלכע פאַרזמלונגען פלעגן זיי אונטערבורטשען סקעפּטיש צום גראַם: אַז עס וועט נישט ווערן בעסער, וועט ווערן ערגער.

און דערפאַר איז מיר גאָר קיין וואונדער נישט געווען, ווען דער נייער קויאַך האָט אַרונטערגעבראַכט שימען בערגערן צו אונדז אין הויז אַריין. דער טאַטע האָט געאַרבעט אין שימען בערגער׳ס גע־שעפט. ראַב שימען בערגער האָט געהאַט אַ ברייטע פלאַקסענע באָרד, אַ גרויס קליידער־געשעפט און אַ שיינע דירע אויף דער קראָקעווער פערשטאָט. דער טאַטע פלעגט גיין צו אים גיטיאַנטעוויטן, אָבער אַז ראַב שימען זאָל אין אַ פּראָסטן מיטוואָך מוזן אַרונטערקומען צו

אונדז אין הויז הינטערן שלאָס, האָט בלויז דער נייער קויאַך געקענט באַוויַיזן.

ביים ברייטן טיש אונטער דעם בליצלאָמפּ זענען געזעסן עטלאַכע אומבאַקאַנטע יונגעליַיט, מיט טרוקענע, ערנסטע און געשעפטלאַכע פּענימער. שימען בערגער איז געזעסן, און דאַווקע נישט אויבנאָן, און געווישט דעם שווייס פון שטערן. אויבנאָן איז גראַד געווען דער טאַטע מייִנער, וויַיל ער האָט געהאַט דעם שווערן אַמט פון אַ בוירער. דער נייער קויאַך האָט זיך פאַרלאָזט אויף דעם טאַטנ׳ס ערלאַכקייט און יוישער, כאָטש ער איז נישט געווען אינגאַנצן קלאַסנבאַוואוסט.

שימען האָט דערלאַנגט אַ פּאַטש אַ אינגאַל, אַ מעשאָרעס, און דער קויאַך האָט אים אויפגעפאָדערט פאַר אַ מישפּעט. דאָס יונגע מעשאָרעסל האָט געהאַט אַ דין שטימעלע ווי אַ מעשוירערל. ער איז אַלע־מאָל געשפּרונגען רעב שימענען אין פּאָנים אַריין.

שימען בערגער האָט געווישט דעם שווייס פון שטערן און גע־וואָלט ענטפערן, אָבער דער טאַטע מייִנער האָט אים אַלעמאָל באַפּע־לעריש אַרויפגעלייגט אַ שלאָס.

טאָמער וועט איר, רעב שימען, אָביסל האַלטן ס׳מויל. איר האָט אַוואַדע פאַרגעסן עליע טאָב.

דאָס איז געווען געגנוג אַז רעב שימען זאָל אַנטשוויגן ווערן אויף עטלאַכע מינוט, ביז דאָס מעשאָרעסל איז אים ווידער געשפּרונגען ווי אַ הענדל אין פּאָנים אַריין און דער טאַטע האָט אים ווידער געמוזט אַרויסרופן דעם גייסט פון עליע טאָב.

אויפן טיש, ווי אַ באַוויַיז פון פרידלאַכן קלאַסנקאַמף, איז געלעגן אַ רעוואָלווער, אַ נייער בלאַסקנדיקער רעוואָלווער. אין בלוילעכן שטאָל האָבן געפלעמלט פייערלאַך פון דעם בליצלאָמפּ.

דער טאַטע האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסאַק. רעב שימען בערגער מוז צאָלן אַזויפיל און אַזויפיל פאַר דער פּאַרטיי, אַלס פאַרגיטיגונג. דאָס מעשאָרעסל קריגט אַן הויסאָפּע פון אַ האַלבן קערבל אַ וואָך און סכוירע פאַר אַן אנצוג. רעב שימען איז מאַוטיאַך צו האַלטן די הענט אין קימפּעט און זיך נישט וואַרפן מיט קיין פּעטש, וויַיל, פּאַטאַקעוועט דאָס יונגע מעשאָרעסל, היינטיקע צייטן פּאַטשט מען זיך נישט.

רעב שימען האָט מעקאַבל פּסאַק געווען. די פּאַרטיי איז געווען צופרידן און אַז די פּאַרטיי איז אַוועק איז ער געבליבן זיצן קעגן טאַטן מיט גאַזלאָנישע אויגן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיך גע־נומען שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין.

איצכאָק, האָט ער געשריגן צום טאַטן, איך וועל זיך אַ מאַנסע

אַנטאָן, איך וועל זיך פאַרוואַרפן אַ שטריק אַרום האַלדז. אַז מען קען שוין נישט שלאָגן אַן אייגענעם מענטש, איז דאָך שוין עק וועלט. אַז מען קען נישט האָבן דאָס פאַרגעניגן אויסצופּראַסקען אַזאַ סמאַרק אויף ביידע באַקן און אים ווייזן ווער עלטער איז, לאָמאַ זע אַנויכי, צו וואָס־זשע דאַרף מען אַזאַ פּאַרסראַליעט לעבן?

יאָ, אַסאַך פריער פאַר ניקאַלייען האָט שימען בערגער דערפילט די רעוואָלוציע אויף זיינע אייגענע פלייצעס און ער האָט זיך אונטער־געגעבן. ער האָט שוין מער דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן. ער איז אַרומגעגאַנגען אַן איינגעהויקערטער און איז געווען שוואַרץ ווי די ערד. די רעוואָלוציע האָט אין אים אָפּגעפּייערט דעם ערשטן זיג.

דאַמאָלס זענען אָנגעקומען אומרואיקע טעג. די כעוורע האָבן געמאַכט דעם אָנפאַנג מיט אַ שלעכטן סטרוזש. דאָס איז נישט געווען קיין סטרוזש, נאָר דער עמעסער צערבער פון זיין הויף און אַלץ דער־פאַר וואָס ער האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט די־נענדיק דעם קייסער. דער סטרוזש האָט געקוקט פון אויבנאַראָפּ אויף זיין בעזים און אויף זיין שמיעטניק — דאָס זענען אַלץ ביי אים געווען בייזאַכן אָנטקעגן זיינע העכערע פליכטן. ער האָט געאַרבעט מיט לייב און לעבן. ער האָט געטרייבערט די אָדערן וועגן איינמעלדעווען און געהאַלטן אַן אויג אויף ניעלעגאַלניע. די קינדער זיינע זענען גע־גאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן און געבעטלט שטיקלאַך פלעצל ביי די אידישע קינדער. די סטרוזשין און דאַווקע די סטרוזשין האָט גע־שיקערט און זיך געוואָלגערט לעבן שמיעטניק און געשאָלטן דעם מאַן און די קינדער מיט טויטע קלאָלעס, אָבער דער סטרוזש אַליין איז געווען אַ ניכטערער מענטש. ער האָט געפילט, אַז די מאַשע־ניקעס קענען אים אונטער דער נאָז אָפּשפּילן אַ רעוואָלוציע און ער האָט געהיט זיינע פליכטן מיט דער גרעסטער קאַנצעלאַרסקער פּינקט־לאַכקייט. איינמאָל אַ פאַרטאָג האָט מען געמאַכט אַ סאָף צו דער קאַ־ריערע פון דעם צאַרס געטרייעסטן דינער ביי אונדז אין שטאָט.

נאָך דעם דאָזיקן אָנפאַנג זענען שוין געפאַלן סטראַזשניקעס, רעווע־ראָוועס און אָפּילע אַ פּאָמאָשטשניק־פּריסטאַוו. אַמאָל, געדענק איך, האָב איך אויף דער אידנגאַס געהערט עטלאָכע טרוקענע קנאַלן, ווי מען וואָלט האַסטיק אָנגעקלאַפּט מיט אַ שטעקן אין אַ לאַדן. עטלאָכע טריט פון מיר איז געפאַלן אַ רעווערטאָווע, וואָס האָט נאָר וואָס געהאַט איינגעקויפט אַ בייטל מעל. דער בייטל האָט אים אינגאַנצן פאַרמע־ליקט דאָס פּאָנים, אָבער דורך דעם ווייסן, בלאַזענשן פּאָנים האָבן זיך אָנגעהויבן דורכרייסן פאַרגליווערטע שטיקער בלוט און געבליבן ליגן

לעבן דעם רעווראָווע ווי שטיקער לונג און לעבער. דער רעווראָווע איז לאַנג געלעגן מיט די טויטע אָפּגעפּוצטע שטיוול און אידן האָבן געפּילט ווי מען וואָלט אים אונטערגעוואָרפן פאַר אַ בלוט־בילבעל, ביז דאָס געזעץ פון יענער זייט שטאָטזייגער איז געקומען, געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל און אים צוגענומען.

און צו יענער צייט האָט זיך אויך אונטערגערוקט די מייסע אַבע־לע צימרינג. קיין איד אין שטאָט האָט נישט געהאָט קיין לענגערע באָרד פאַר אַבעלען — עס איז געווען אַן עמעס שטיקל צירונג פאַר דעם פּאָנים. ער איז געגאַנגען פּאַמעלאַכן, ווי ער וואָלט שטענדיק שפּאַצירט, די הענט פאַרלייגט אויפן זייטשעמויכל און געקוקט מיט זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן פון אונטער דיקע, שוואַרצע ברעמען. ער איז שוין געווען גרוי ווי אַ טויב, אָבער די ברעמען האָבן בעשום אויפן נישט געוואָלט גרוי ווערן. ער האָט געוואָרפן אַ קוק אַהין און אַ קוק אַהער און פון צייט צו צייט האָט ער גענומען די רעכטע האַנט פון זייטשעמויכל און לאַנגזאַם געגלעט און געצערטלט די שיווע באָרד זיינע. זיין קוקן איז געווען אַ סאָרט אינספּעקציע און דאָס ערשטע בעסטע אינגעלע, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן וועג פלעגט ער צו־רופן און זאָגן:

— בני, זון מיינער, פון קוקן האָט נאָך קיינער קיין געלט נישט דערלייגט. האָסט שוין געדאַוונט? באַדיר אַ גראָשן און קויף דיר סאַכמעראָזש.

דעם גראָשן האָט קיין אינגעלע ביי אים נישט גענומען, ווייל אַבעלע׳ס גוטסקייט האָט גלייך געגעבן קלעמעניש אין די קישקעס.

אַבעלע איז געווען אַ איד, וואָס האָט געהאָט צוטריט אין מאַגיס־טראַט, אין קאַנצעלאַריע און אין דער גובערניע. ער איז געווען אויס־געקאָכט מיט נאַטשאַלסטוואָ און ס׳איז פאַר קיינעם קיין סאָד נישט געווען, אַז אַבעלע איז אַ מאַסער און אַז ער האָט אָפּגעשפּאַרט עטלאַכע קאַמעניצעס פון זיין פּאַרנאָסע. יונגערהייט האָט ער געמאַכט אַ לעבן בלויז פון פריזיוו, אָבער אין די שפּעטערע יאָרן האָט ער גענומען מאַסערן פּאָליטישע אויך. אין שטאָט האָט מען אים פאַרשאָלטן דאָס געביין, אָבער מען האָט פאַר אים געציטערט, מען האָט מוירע געהאָט פאַר זיין קוק און ער, ווי נישט אים מיינט מען, איז געגאַנגען אויף דער אידנגאַס אין זיין לאַנגער אַטלעסענער קאַפּאָטע און געשנאַפּט און געשפּיעגעוועט.

אָבער קיין קויל האָט אים אַזוי גיך נישט גענומען. מען האָט אים איינמאָל געשאָסן און לייכט געראַניעט. עס האָט גענומען עטלאַכע

טעג און ער איז שוין ווידער געווען ביי דער „אַרבעט". אַ צווייטמאָל האָט מען אים געשאָסן און שווער פאַרוואונדעט, אָבער פון אידישן שפּיטאָל, וואו ער איז געלעגן איז געקומען די „פריילאַכע" בסורע, אַז ער בעסערט זיך און וועט געזונט ווערן. נאַטשאַלסטווע האָט אַבעלען איבערגעפירט אין רוסישן מיליטער־שפּיטאָל, קעדיי ער זאָל דאָרט זיין זיכערער. דאָס וואָיענע שפּיטאָל, אַרומגערינגלט מיט הויכע דיקע מויערן, האָט שטענדיק געהאַט אַ שווערע שמירע, אָבער אויך דאָרט האָבן זיך עטלאַכע יונגעלייט אַריינגעכאַפּט אים „מעוואַקער כוילע" זיין און מען האָט אים אויפן קראַנקן בעט אַוועקגעלייגט.

אַבעלע׳ס לעוואַיע איז געווען אַ פריילאַכע. אין קיין כיידער האָט מען דאַמאָלס נישט געלערנט. און כאָטש ביים לעבן איז אַבעלע געווען אַ שטיקל נאַטשאַלניק און מען האָט פאַר אים מוירע געהאַט, האָבן אַלע איצט דערפילט אַז אַלס אידישער מעס איז ער אינגאַנצן אן אונדזעריקער. דער קאָסטן האָט זיך שנעל געהאָצקעט לויפנדיק צום גוטנאָרט און קינד און קייט האָבן אויפן וועג געוואָרפן שטיינער אין אָרן. אַבעלע צימרינג מיט דער צעשפּריטער באָרד איז באַגראָבן געוואָרן ערגעץ ביים פּלויט און וואָכנלאַנג האָבן אידן אָפּן האַנאָע געהאַט פון דעם שטיקל אַרבעט און עס אַפילע באַרעכטיקט מיט דעם פּאָסעק „ובערת", זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

דאַמאָלס האָט פּאַניע באַשלאָסן, אַז מען דאַרף ווייזן דער שטאָט זיין שוואַרצע גוואורע, קעדיי אָנצוואוואַרפן אַזאַ שרעק, אַז עס זאָל זיך אָפּגלוסטן מיט אים צו פאַרמעסטן, ווייל מיט אַ רעוועראַווע מער, אָדער וויניקער, ליגט נאָך אַלץ דער גאַנצער קויאָך ביי אים.

פריער זענען געגאַנגען די מיליטערישע פּייקלער — בום — טאַראַראַרום, בום — טאַראַראַרום — זיי האָבן געפירט דעם פּאַראַד, וואָס איז אייגענטלאָך געווען אַן אויסשטעלונג פון מיליטערישער קראַפט. די פּייקלער האָבן ווי צוזאַמענגערופן די שטאָט אַ קוק צו געבן אויף דער אַרטילעריע, פּיעכאָטע, גרענאַדירן, און קאָזאַקן אויף ווילדע פערדלאָך. די קאָזאַצקע פערד זענען געווען אַזוי ווילד, אַז זיי האָבן נישט געקענט גיין אין שפּאַן, זיי זענען אַלעמאָל אַרויסגעלאָפן פון דער ריי און זיך געדרייט אַרום און אַרום אין עטלאַכע צירקלען, אַז עס איז געווען אַ וואונדער, ווי אַזוי דער קאָזאַק מיט דער פּיקע, ביקס, שווערד און נאַגייקע איז נישט אַרונטערגעפאַלן און געבראָכן האַלדז און נאַקן. אנדערע רייטער האָבן אויף געצאַמטערע פערד געפירט די פּולעמיאָטן. עס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, געבראַזגעט און געהוידעט אַראָפּ און אַרויף, אויף די נישט־ברוקירטע גאַסן,

די האַרמאַטן מיט די אָפֿענע אײַזערנע פּיסקעס. די זעלנערשע אָנגע־שטײפּטע און רציכעדיקע פּענימער זענען געװען געװענדט צו די פּאַר־כּוישעכטע הײַזער, װאָס זענען געלעגן אײַנגעלײגט פֿון שרעק. צװישן ראָטע און ראָטע זענען געגאַנגען פּײקלער און אַלץ אױסגעפּײקלט זײער בום — טאַראַראַרום, בום — טאַראַראַרום.

אָבער נישט נאָר איז די שטאָט זיך נישט צוזאַמענגעלאָפֿן, נאָר מען האָט פֿאַרהאַקט טיר און טױער. אינסטינקטיװ האָט מען דערפֿילט אַז דאָס איז נישט קײן גאַליעװקע, די פּײקלער האָבן אָנגעװאָרפֿן אַ שרעקלאַכע מאָרע שכוירע. די נעכט זענען סײ װי געװען לאַנגע און דערשראָקענע פֿון דעם סטאַן־װאַיעני, און דאָ קומען זײ נאָך פֿאַרסאַמען די טעג אױך. אַלע געשעפֿטן זענען צוגעשלאָסן געװאָרן, עס איז שױן געװען אינדר׳ערד מיט דעם לײזעכץ. אידן זענען געלאָפֿן, אידענעס האָבן װי די הינער צוזאַמענגערופֿן די קינדער, אײן טױער נאָך דעם אַנדערן האָט זיך פֿאַרהאַקט און די גאַנצע אידנגאַס האָט אױסגעקוקט װי אױסגעשטאָרבן.

בלױז איך אַלײן האָב נישט באַװיזן שנעל גענוג אַרײַנצולױפֿן אין טױער, װאו איך האָב געלערנט אין כײדער. דער טױער איז געװען אַ הױכער און איך האָב געמוזט אױסזען אין גרײס װי אַ קלײן, דער־שראָקן קעצל, װאָס האָט געציטערט דורך דעם גאַנצן, לאַנגן מיליטע־רישן פּאַראַד. איך בין עפּשער געװען דער אײנציקער לעבעדיקער נעפֿעש אױף דער גאַנצער אידנגאַס. אָפּיצערן האָבן צו מיר געװאונקן, קאָזאַקן האָבן מיך דאַװקע געװאָלט נאָך מער איבערשרעקן און זײ האָבן מיר אַרױסגעשטעקט די לעקערס, אַנדערע, גרעסערע כאַכאַמים, האָבן אױף מיר געצילט די ביקסן, און װען די פּײקלער זענען מיך פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָבן זײ העכער געפּײקלט דעם בום — טאַראַראַרום, װי זײ װאָלטן עס ספּעציעל אָפּגעשפּילט פֿאַר מײן קאָװעד װעגן און מיר איז די מאַמעס מילך אַנטפֿאַלן געװאָרן.

װען דער לעצטער זעלנער איז שױן געהאַט פֿאַרבײַגעגאַנגען האָבן זיך טױערן געעפֿנט געגעבן שטיל און גנײװעש, װי אױף פּראָבע. מײַן מעלאַמעד יאַנקל פּײלעץ איז צו מיר צוגעפֿאַלן װי צו אַ געפֿונע־נעם און מיר געקיצלט דאָס פּאָנים מיט זײַן גוטער באָרד. די קינ־דערלאַך האָבן מיך אַרומגערינגלט און געבעטן אַז איך זאָל זײ אַלץ דערצײלן. אָפּילע דער בעלפֿער האָט זיך צוגעהערט, װי איך האָב געבראָקט װילדע גוזמעס. איך האָב נישט פֿאַרגעסן צו דערצײלן, װי מען האָט מיך געװאָלט פֿאַנגען און מיך מאַכן פֿאַר אַ קאָזאַק, נאָר איך האָב זײ אַלעמען פֿאַרטריבן מיט שמאַיאיסראָעל.

און ווי האָב איך מעקאָנע געווען די שוסטער־אינגלאַך און שניי־דער־אינגלאַך, די יונגע, פערצן־פופצן־יעריקע געזעלן, וואָס פלעגן טראָגן פּאַמעשעפער אויף דער לער, אָבער נאָך דער אַרבעט האָבן זיי זיך אויסגעפּוצט אין די קאָלירטע העמדלאַך, געקנאָקט באַניקערן און ראָמאַנסירט מיט מיידלאַך. דאָס איז געווען דער פּאַמאַץ־בונד. אַז מען האָט באַדאַרפט אימיצן אָנפּאַטשן, האָבן זיי געפּאַטשט. ווען מען האָט באַדאַרפט אַריינוואַרפן אַ גלאָז אין אַ וויסטאַווע פון אַ געשעפט, וואו דער אייגנטימער האָט נישט אָפּגעהיט די רעגולירטע געשעפט־שאָען, האָבן זיי געוואָרפן. נישט איינמאָל האָב איך דעם טאַטן געזאָגט, אַז איך בין מעקאָנע די יאַטן, אָבער דער טאַטע האָט מיר קורץ און שאַרף דערקלערט, אַז מעט שוין מאַכן די רעוואָלוציע אָן מיר. די מאַמע האָט צוגעגעבן פון איר זייט, אַז מעט זיך גאַנץ גוט באַדרייען אָן מיר און דער זיידע האָט ביי מיר אָפּגעקויפט פאַר אַ דרייער אַ פאַרשע כומעש. קיין גרויסער לאַמדען איז ער נישט געווען, האָט ער האַנאָע געהאַט, ווי איך האָב פאַר אים פאַר אַ פאַרשע כומעש אָפּגעגלעקלט און נאָך אַריינגעוואָרפן אַ שטיקל ראַשע פאַר אַ צולאָג. דער זיידע האָט געהאַלטן, אַז קיין בעסערע סגולע צו דער רעוואָלוציע ווי אַ פאַר־שע כומעש איז נישטאָ און זאָלן זיי זיך פאַרדרייען זייערע אייגענע קעפּ.

אָבער דאַמאָלס האָב איך זיך שוין געהאַט דערוואוסט וועגן דעם אויצער ביים פעטער וועלוועל. דער פעטער וועלוועל האָט פאַרמאָגט הונדערטער ביכער, פון שאָמערן ביז דער דאַמאָלסדיקער פראָלעטאַ־רישער ליטעראַטור. אָבער ער האָט געהאַט אַ טעווע, אַז ער וועט אייך באַדיי שענקן אַ גילן, איידער באָרגן אַ ביכל. ער האָט שטענדיק געטיינעט, אַז ווען ער באָרגט אַ ביכל פעלט אים עפּעס אין הויז, ווי מען וואָלט אַרויסגעטראָגן אַ בענקל אָדער אַ טיש. קומען צו אים, זיצן און לייענען, איז מיט דעם שענסטן פאַרגעניגן, אָבער אַרויס־טראָגן אַ בוך פון הויז איז געווען שטרענג פאַרבאָטן.

דער פעטער וועלוועל איז געווען מיין פראָלעטאַרישער פעטער אין קעגנזאַץ צום פעטער כילאָשער, וואָס איז געווען צו יענער צייט מיין רעבע. דער פעטער כילאָשער, דער עלטסטער פון די זיבן ברי־דער, איז געווען אַ שיינער הויכער איד. ער איז געווען דער שענ־סטער איד אין באָד. אין דער באָרד זיינער האָבן נאָך געקעמפט די שוואַרצע מיט די גרויע האָר, די אויגן זענען געווען יונגע. דער איינציקער פּגאָם אויף זיין קערפּער איז געווען ביים רעכטן ווינקל אַ קליין שטיקל אויפגעשוואָלן קישקעלע, וואָס האָט געזוכט אַ וועג

אַרויסצוקריכן און וואָס דער פעטער כילאָשער האָט געהאַלטן אין צאָם מיט אַ בענדל.

דעם פעטער כילאָשערס כיידער האָט זיך גערעכנט דריטער קלאַס — ביי אים האָט מען שוין אַריינגעכאַפּט אַ שטיקל גמאָרע אויך. ער האָט מיט די קינדער געלערנט אויך אַביסל טאַנאַך־העברעאיש. אַז ס׳איז געקומען ניטל, האָט ער אַרויסגענומען אַ פאַרפּעצטע גמאָרע, ווי אַ שטיק קאָנטראַבאַנד, און האָט פון דאָרט פאַרגעלייענט די גאַנצע מייסע מיט יאָסל פּאַנדעריק, דער מענטש וואָס האָט דאַווקע געוואָלט ווערן אַ גאָט ביז מען האָט אים אַרונטערגעפּישט פון זיין גדולע. ער האָט געלייענט און געלייענט ביז צו דער גרויסער שטראָף, אַז ער מוז זיך אייביק פּרעגלען אין זידנדיקער כ׳בעטאיבעראייערקאָוועד.

דער פעטער איז געווען אַ גוטמוטיקער. ער האָט געהאַט פיינע וויצעלאַך פאַר יעדע צאָרע. די קינדער זענען אים מאַמעש געקראָכן אויפן קאָפּ און ס׳האָט אים נישט געאַרט. זיין צווייט ווייב, וואָס האָט זיך נישט געקענט ספּראַווען מיט אירע פליכטן צו באַהאַנדלען די טאָכטער פון ערשטן ווייב ווי אַ שטיפמאַמע און איר צווילינג ווי אַ הייסע מאַמע, איז אים אויך געקראָכן אויפן קאָפּ און ס׳האָט אים אויך נישט געאַרט. דער צווילינג זיינער וואָלט אים אויך געקראָכן אויפן קאָפּ, אָבער דערווייל האָבן ביידע מיידעלאַך זיך גערוקט אויף די בייי־כער. זיי האָבן זיך געראַטשקעט און זיך געקערעוועט אין דערזעלבער ריכטונג און קיינמאָל נישט אָפּגעשטאַנען איינע פון דער אַנדערער אויף אַ האָר. זיי האָבן געפּויזעט אויף דר׳ערד ווי שלענגלאַך און געגעסן פון דער פּאָדלאָגע. די כיידער־קינדער האָבן נישט געפילט קיין וואָרימקייט פאַר די ווערימלאַך צוליב דער שטיפמאַמע, און בעגנייווע פלעגן זיי אָנטרעטן אויף אַ הענטל אָדער אַ פיסל. זיי האָבן געהאַט אַ ווילדע האַנאָע צו הערן ווי די שטיפמאַמע לאָזט אַרויס אַ געשריי: אוי, אַ בראָך אויף כילאָשערן, מען האָט מיר שוין דערהאַרגעט דעם צווילינג!

דער פּראָלעטאַרישער פעטער איז געווען אַ קאָמאַשנשטעפּער. ער האָט געהאַט איבערגעפּירטע נעגעל און אויפגעפּרעסענע הענט. ער האָט געצימבעלט אויף מאָדנע הויכע און בייכיקע זינגער־מאַשינען און געזונגען בעאייס מייסע גאָלדפאַדנס לידלאַך. ער איז געווען אַ ביטערער אָרימאַן און אין שטאָט האָט ער געהאַט אַ שעם פון אַן אויפגעקלערטן, קעמאַט אַן אַפּיקוירעס, כאָטש זיין גאַנצע אַפּיקורסעס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיך דערלויבט צו רעדן ביים דאַווענען.

ביים פעטער אין וואַרשטאַט האָט געשטונקען מיט לעדער. כאַלעוועס זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אומעטום און ס׳איז געוואָרן זאַלציק אויפן גומען פון בלויזן גערוך. קיין געזעלן האָט ער נישט געהאַט. ער איז אַליין געשטאַנען איינגעהויקערט ווי אַ קעמל איבער די הויכע מאַשינען און געזונגען. ער איז געווען דער ערשטער צווישן די ברידער, וואָס האָט פּראַנק און פריי געמאַכט די קינדער פאַר באַלמעלאָכעס. זיין טאָכטער איז געוואָרן אַ נייטאָרן, אַ זון האָט ער געמאַכט פאַר אַ מאַליער און אַ טאָכטער האָט ער אַפילע כאַסונע געמאַכט מיט אַ שוסטער.

ביילע פּערל די נייטאָרן איז געווען אַן עס־עסאָוו׳צע און זי האָט מיך דאַווקע געוואָלט אַגיטירן. כ׳האָב דאַמאָלס געמוזט אַלט זיין אַ זיבן־אַכט יאָר און זי איז שוין מיסטאָמע געווען אַ 17־יאָריקע מויד, מיט לאַנגע, דיקע צעפּ. זי האָט צו מיר גערעדט וועגן דר. הערצל און וועגן קאַמף פון אַרבעטער פאַר אַ בעסער לעבן, און מיט מיר אָפּגעמאַכט צו קומען אַ שאַבעס נאָכמיטאָג אויף דער פּאַרטיי־בערזשע, הינטער דעם נייעם וועג. אָבער מיין אינגערער ברודער האָט מיך פאַרמאַסערט און מען האָט ביי מיר באַצייטנס צוגענומען די הויזן און די שטיוועלאַך און זיי באַהאַלטן. מיין טאַטע איז באַשטאַנען דערויף, אַז אַפילע די ציאָניסטישע רעוואָלוציע זאָל מען אויך מאַכן אָן מיר און איך וואָלט געמאָגט שווערן, אַז די באַהאַלטענע שטיוועלאַך האָבן אויף אייביק אָוועקגעהאַרגעט מיין פּאָליטישע קאַריערע.

אָבער דעם פעטער וועלוועל׳ס ביכער זענען געווען פריי. איך האָב זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די סאָציאַליסטישע בראָשורן, וואָס זענען געווען אַביסל צו־הארט און קרוכלע ווי אייערקיכלאַך. איך האָב געלייענט אַפּיקורסישע ביכער, אָבער איך האָב מער האַנאָע געהאַט פון מייסע־ביכלאַך און פון שאַלעמ־אַלייכעמען.

צוליב די ביכלאַך פלעג איך אַריינפאַלן צום פעטער וועלוועל אויף שאַבעסאויבס. די מומע בינע, וואָס איז געווען מיט אונדז געקניפּט און געבונדן — זי איז געווען אי דעם פעטער וועלוועל׳ס ווייב, דעם טאַטנס שוועגערן און אויך דעם זיידנס שוועסטער פון מאַמעס צאַד — איז געווען אַ קליינע פרומע אידענע, אַ גוטע נעשאָמע, וואָס האָט נישט פאַרלאַנגט ביי גאָט מער ווי איר געזיכערט שטיקל אָרימקייט. די מומע האָט שוין געהאַט צוגעגרייט אַ טעלערל מיט אַגרעס, וויינפּערלאַך, אַרבעסשויטן און ביבער. דער פעטער איז געלעגן באַזניק און געשנאָרכט. דאָס שנאָרכן איז געווען מיט מאָס און טאַקט און האָט ווי אַ גריל אָנגעוואָרפן אַ שלאָף אויף דעם גאַנצן הויז. די מומע

בינע, וואָס האָט שטענדיק געפּרעפּלט אַ אידיש וואָרט, האָט געלייענט טײַטש־כומעש מיט אַ שלעפּעריקן ניגן. די מומע האָט געוואוסט, אַז די ביכער זענען נישט גאַנץ קאָשער און זי האָט מיט מיר פּרובירט אײַנקנעלן, אַז פּאַר מײַן גוט קעפּעלע, איז אַ שטיקל גמאָרע אַסאַך געזינטער. אָבער נאָך דעם ביסל מוסער, האָט זיך די גוטע מומע בינע אַוועקגעזעצט ביים פּענצטער און באַטאַמט יעדעס וואָרט אין טײַטשכומעש, בעאייס איך האָב מיטגעציטערט מיט די העלדן פון „פאַמיליע צווי". איך האָב דורכגעלעבט דעם גאַנצן גרויל פון פּאָג־ראָם און געקייט מעליקע ביבער, זויערע ווײַנפּערלאַך, רויטלאַכע אַגרעס מיט הערעלאַך, און פלײשיקע מאַרעלן וואָס האָבן זיך צעגאָסן אין מויל מיט דער ווײניקייט פון אַ געראָטענעם זומער. איך האָב געלייענט עדעלשטאַט׳ס לידער, געלייענט אַ ליד און אַלעמאָל צוריק־געמישט צום בילד. איך האָב האַנאָע געהאַט צו קוקן אויף זײַן שיי־נער באָרד און אויסגעאיידלט פּאָנים. זײַן אַרבעטער־קלאַס איז מיר פאָרגעקומען עפּעס ווי אַ פאָלק פון פּרינצן, וואָס לײַדט און טראָגט די שווערסטע יאָכן ווי וואַסער־טרעגער. איך האָב עדעלשטאַט׳ס אַרבע־טער־קלאַס קוים פאַרבונדן מיט אונדזערע אייגענע פאַרכוישעכטע אַרבעטער פון שטאָט.

און, איינמאָל, ווען איך בין אַזוי געזעסן איבערגעבויגן איבער עדעלשטאַט׳ס לידער האָבן אַפּגעהילכט עטלאַכע שאָס. אַ געלאָף פון אַלע גאַסן, געשרייען, יעלאָלעס. איך בין אַרונטערגעלאָפן די פּינצטע־רע טרעפּ ביים פעטער אין הויז. אויף דעם דרויסנדיקן גאַרן, איז האַלב געלעגן און האַלב געזעסן אַ פאַרבלוטיקטער מענטש. דער גאַנצער קאָפּ איז אים געווען פאַרדעקט מיט דעם היטל. די טרעפּ זענען גע־ווען פאַרבלוטיקט. אין איין מינוט איז די שטאָט גלייך געוואָר גע־וואָרן, אַז דער יונגער אטלאַסאָוויטש איז דערשאָסן געוואָרן.

אויף דעם אַנדערן טאָג זענען איבער דער גאַנצער שטאָט געווען אויסגעקלעפּט העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציעס, אַז אטלאַסאָוויטש, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון איין פּאַרטײ צו דער אַנדערער, איז דער־שאָסן געוואָרן פּאַר אַרויסגעבן פּאַרטײ־סוידעס.

מיט אטלאַסאָוויטשן האָבן זיך געבענשט אַלע מאַמעס. ער איז געווען אַ פרומער יונגערמאַן, מיט שוואַרצע געקרײזלטע האָר, וואָס זענען געווען אַזש בלאָ, אַ ווײַסער הויט און טיפע, קעמאַט מיידלשע אויגן. ער איז געווען אַ גוטער לערנער און פון אַ פיינער מישפּאָכע. אטלאַסאָוויטשעס טאַטע איז געווען אַ שטרענגער איד אַ שווייגער. אָבער אינדערשטיל האָט דאָס האַרץ ביי אים אָנגעקוואָלן פון זײַן

איינציקן זון. ער האָט געוואוסט אַז דאָס וואַקסט אַ קיילע, אָבער ער האָט געשוויגן, ער האָט זיך אַליין קיין איינהאָרע נישט געוואָלט געבן. ער האָט געפילט, אַז דער זון וועט אַמאָל מיט זיין ליכט פאַרשיינען דעם גאַלעס.

אָבער מיטאַמאָל איז דער יונגער אַטלאַסאָוויטש אַרונטער פון גלייכן וועג און דער טאַטע איז איבערנאַכט גראָ געוואָרן. ער האָט אָבער אַלץ געשוויגן, געדריקט אין זיך און אַרויפגעלייגט אַ שלאָס אויפן מויל.

מען האָט דעם אַלטן קוים באַוואויגן צו גיין צו דער לעוואַיע. ער איז געגאַנגען שטאַלץ, מיט דעם קאָפּ הויך־געהויבן און גאַרנישט ווי אַן אָוול, כאָטש דאָס ווייב האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ. זיינע אויגן זענען געווען ווי גלאָז. פרעמדע האָבן געוויינט און געפּור־נען אַ זכוס אויף דעם יונגן בוים, וואָס איז געפאַלן אַ קאָרבן פון דער צייט, אָבער דער טאַטע איז אַלץ געגאַנגען אַ שטאָלצער און אַ רואיקער.

אַז מען האָט שוין דעם מעס געטאָן זיין רעכט און ס׳האָט שוין געהאַלטן ביי קאַדיש, און אַלע האָבן געוואַרט מיט געבויגענע קעפּ, האָט זיך דער אַלטער אַטלאַסאָוויטש נאָך מער אויסגעגלייכט און אַריינגעשפּיגן עטלאַכע מאָל אין קייווער, אויסשרייענדיק הויך מיט יעדן שפּיי: „אימאַך שמוי וועזיכרוי!״

ער האָט איבערגעלאָזט די עטלאַכע מיניאָנים אָווילעם און גע־נומען שפּאַנען צוריק אַהיים און די פיס האָבן זיך אים אָפילע נישט געבויגן.

אָבער נאָך די אַלע צוגרייטונגען און וויען איז געקומען די רע־וואָלוציע ווי אַ גרויסער יאָנטעוו. פּלוצים איז זי געקומען. זיך אויפגע־הויבן אינדערפרי און גלייך דערפילט אַז דער טאָג איז נישט קיין גע־וועגלאַכער, נאָר אַ געבענשטער. ווי ס׳דערפילט אַ קינד ביים עפענען די אויגן, נאָך פאַר דעם ערשטן איבערטראַכט, אַ זיסקייט אין אַלע ביינער און עס צעשמייכלט זיך דער האַלב־שלעפעריקער מויאַך פון דעם געפיל, אַז עס איז יאָנטעוו און מען דאַרף נישט גיין אין כיידער. יענעם יאָנטעוו האָט מען אויך גלייך דערשמעקט פון סאַמע ערשטן מאָ־מענט, ווען די זון האָט אַ זעץ געטאָן אין פענצטער מיט אַזויפיל ליכט, אַז זי האָט שיר אויסגעזעצט די שויבן.

אויף אַלע פּענימער, אויף אַלע גאַסן זון און פרייד. אָפּיצערן קושן זיך מיט אידישע מיידלאַך. פּריצים פאַלן אידן אויף די העל־דזער. מען גייט איבער די גאַסן פראַנק און פריי מיט דער רויטער

פאַן. מען זינגט לידער. מוזיק שפּילט. דער טאַטע הויבט מיך אויף אינדערהויך, איבער אַלעמענס קעפּ, און טראָגט מיך צווישן געדיכטן אוילעם:

זאָלסט נישט פאַרגעסן, יאַנקעלע, אַז דו האָסט דאָס אַלץ זויכע געווען צו זען מיט דיינע אייגענע אויגן.

איך, אַ דאַרס און אַ גרינס, פיל זיך איצט גאַר ווינטיק, לייכט און ווי אַ פלאַטערדיקע פאָן אין טאַטנס הענט. דער קייזער האָט גע־שענקט די קאָנסטיטוציע. סאָלדאַטן ברידערן זיך מיט דעם אוילעם, קאָזאַקן לאַכן, קאַלמיקן מיט פאַדעשווע פענימער שטשירן די ווייסע ציין. טראָטואַרן זינגען. עס איז מאַרש און מאַרש און מאַרש אַ גאַנצן טאָג. רויטע סטענגעס אין צעפּ, מען פאָכעט מיט רויטע פענד־לעך, מען ווייניט פון סימכע, מען פאַלט אויף די גאַסן און מען ציי־לעמט זיך. יונגע כסידים מיט קאָזשע־בערדלאַך און לופטיקע קאַפּאָ־טעס האָפּקען און זינגען ווי אין סימכעס־טוירע. מיין קליין הערצל ווערט שיר צעשפּרונגען. פאַרפומירטע הענטלאַך קיצלען מיך מיט בלומען און וואַרפן אויף מיר קאָנפעטיע. אויף אַסאַך געוועלבער האָט מען אַרויסגעהאַנגען רויטע פענער; מען האַנדלט נישט, מען וואַנדלט נישט, מען לייזט נישט. מיין טאַטע טראָגט מיך נאָך העכער. איך פיל זיך ווי שיקער און אומזיכער אין זיינע הענט. אָט וועט ער מיך אַראָפּלאָזן און איך וועל צוטראָטן ווערן פון אַזויפיל פרייד, פון דאַמ־סקע שיכלאַך מיט הויכע אָפּצאָסן און פון קאָזאַצקע פערדלאַך, וואָס שטייען איצט באַרואיקטע אויף די טראָטואַרן צווישן אוילעם און היר־זשען אָן קאַהס. מיינע אויגן פרעסן אַלץ. דער קלאָפּ־טאַראַראַם פון די פאַראַדן באַרוישט מיך.

אין אַרום דעם קרימינאַל זענען פאַרזאַמלט הונדערטער כאַוויי־רים. מען רעדט דורך די קליינע פענצטערלאַך מיט די פאַליטישע. די צעקאַרבטע און צעגראַטעטע פענימער ווייַנען און לאַכן. אָט־אָט וועט מען אויפּפראַלן די טויערן. מען זינגט, מען שרייט, מען האַלדזט זיך, מען לאַכט הויך פון ווילדן אומגעצאַמטן גליק. דאַמען, וואָס מען זעט קיינמאָל נישט הינטערן שלאָס, ביים קרימינאַל, זינגען איצט צו־זאַמען מיט די פאַרסאַזשעטע אַרבעטער פון דער אייזנגיסעריי:

נאָ באַריקאַדי ליודו ראַבאָטשי
טשערוואָני שטאַנדאַרד
יאַנקעלע, זאָלסט עס נישט פאַרגעסן —

אָבער עטלאָכע גרייז־גרויע פרומע אידן שלייכן ווי שאָטנס, אָפּ־געטיילט פון דער גאַנצער ברויזנדיקייט, און זיי וואָרענען. זיי, די

פאַרשטערער פון דער סימכע, האָבן פאַרפינצטערטע פּענימער און קרומע פּלייצעס, ווי זיי וואָלטן אויף זיי איבערגעטראָגן גזיירעס טאָך, אַלע אידישע טישעבאָווס און כורבענס. זיי, די יערמעיאָעס, האָבן זיך געדרייט צווישן אוילעם און געוואָרנט די אידן: אידן גייט אַהיים! סיניש אייער סימכע!

און אויף מאָרגנס האָט מען מיט בושע, האַרצווייטאָג און מוירע דערציילט וועגן דער גרוילאַכער נאַכט, וועגן דער לאַנגער נאַכט פון שרעק, וועגן די פּוליעס, וואָס זענען געפלויגן אויף אַרבעטער ביים קרימינאַל, וועגן צעיושעטע קאָזאַקן, וועגן בלוט, און וועגן הינטישע אָפיצערן און סאָלדאַטן, וועגן שפּיאָנען און הונדערטער אַרעסטן, וועגן דעם ווי ניקאָלייקעלע האָט מיט דער רעכטער האַנט אונטער־געשריבן די קאָנסטיטוציע און מיט דער לינקער האַנט געמעקט. אויף די גאַסן האָט זיך נאָך געוואָלגערט די נעכטיקע פרייד, נאָר זי איז איצט געווען פּאַניק. די סטרוזשעס האָבן גערייניקט קויטיקע קאָנפעטיע.

די רעוואָלוציע איז צוגעוואָרגן געוואָרן און קימאַט ווי אינגאַנצן פאַרטריבן געוואָרן פון קינדישן באַוואוסטזיין. מיר זענען אַלע גע־וואקסן בלויז מיט אָפּגעפליקטע שטיקלאַך דעראינערונגען. דער לע־בעדיקער ווידערשטאַנד איז געווען טויט. ביי די אַרבעטער איז דער מוט אינגאַנצן געפאַלן. אָט האָבן זיי געהאַט אַ גוטע זאַך אין דער האַנט און ווער ווייסט ווי לאַנג עס וועט נאָך נעמען ווידער עס צו קריגן. פאַרעלטערטע מיידלאַך האָבן שטאָט רעוואָלוציאָנערע לידער איצט געזונגען וועגן נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע כאָסאָ־נים. אויסגעקרומטע פּלייצעס זענען געזעסן איבער די מאַשינען, אַרונטערגעבויגענע קעפּ האָבן געזונגען טעאַטער־לידלאַך פון „באַר־קאָכבע", „שולאַמיס" און „אַ מענטש זאָל מען זיין".

אוי, אוי, מיט קיין געלט טאָר מען נישט שטאָלצירן,
ווייל מען קען עס גלייך פאַרלירן.

האָבן זיך געטרייסט די גאָלדשפּינער. עס זענען פאָרגעקומען אָרימע אויפרופּעכצן און געשטעלט געוואָרן נאָך אָרימערע כאַסענעס. מיידן האָבן זיך, ווי נישט ווי, צוגעדעקט די קעפּ און זיך פאַרשלייערט מיט אַ מאַן. די נויט איז געוואקסן. שקראָפעליטשנע קינדער מיט אַרויס־געשטאַרטשעטע אויגן, גרויסע קעפּ און ברייטע טעכעסלאַך האָבן זיך געפּליעסקעט אין די בלאָטעס. פון צייט צו צייט האָט דער בויכ־טיפוס אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. עטלאַכע איידעלע באָכערים, וואָס האָבן זיך אָנגעלייענט מיט שאָפּענהויערן און גענומען דעם פּעסימיסטישן

היפּאָקריט בוכשטעבלאַך, זענען באַגאַנגען זעבלסטמאָרד. לעוואַיעס האָבן זיך געמערט. די רעוואָלוציע איז פֿאַרטריבן געוואָרן.

און מיר, די גאָלדענע יוגנט פֿון שטאָט, די אײדעלע פּוסטע־פּאָס־פּאַסניקעס, האָבן זיך געטרײסט איז זאַקסישן גאָרטן, אויף אַ טונקע־לער אַלײע, מיט גאָרקיס „מוטער". מיר האָבן געזען די שאָטנס פֿון פֿאַרשוואַרצטע אַרבעטער, פֿינצטערע פֿאַבריק־מויערן. געהערט דעם רוף צו סטרײק. געזען די פֿויסטן, די שטאַרקע מוסקולן און דאָס גע־שטאַלט פֿון אַן אַרבעטערס מוטער — אַן אַרבעטאַרערישע זשאַן ד׳אַרק.

עס איז שוין אָבער געווען אַן עסטעטיש־צוגעפּאַרבטע רעוואָלוציע. מיר האָבן קריטיקירט די העלדן, אַנאַליזירט זײערע האַנדלונגען און געפֿרעגט „אויב זײ זענען פּסיכאָלאָגיש אויסגעהאַלטן"? מיר האָבן זײ געמאָסטן מיט דער ליטעראַרישער מאָס פֿון נאָראָס צוגעקלאַפּטער טיר—האָט זי יאָ באַדאַרפֿט פֿאַרלאָזן דעם מאַן אָדער נישט? מיר האָבן געלײענט „הונגער", „די וועבער", און בעאײס אויף יענער זײט זאַקסישן גאָרטן האָט געשמײעט מיט פּריצים און מעקלער און קלײנע קריש־קעס פּאַרנאָסע, וואָס אידן האָבן אויפגעקליבן ווי הענער, זענען מיר אַרומגעגאַנגען ווי האַמלעטס און געדרײט מיט די שטעקעלאַך. אַ דרײ אַהער — זײן, אַ דרײ אַהין — ניט זײן.

איז אײנער פֿון אונז געוואָרן אַ בוכהאַלטער אין אַ צוקער־פֿאַבריק, אַ צווײטער — אַ געהילף בײ אַ פּראָשעניע־שרײבער. אײנער איז אַוועקגעפֿאָרן קײן קראָקע אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, אַן אַנדערער אין דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. אַ דריטער איז געוואָרן אַ העברײיִשער לערער, אַ פֿערטער האָט בעשטיקע געטראַכט וואָס מען טוט מיט אַן אַטעסטאַט זריעלאָסטי אַן אַ גאָלדענעם מעדאַל און ווי זײן טאַטע וועט אויפֿנעמען די בסורע, אויב ער וועט זיך טיפֿן אויף לוטראַניש. אײנער האָט געשיקט לידער אין דער „ניוואַ" און גע־וויזן זיסע בריוו פֿון דעם גוטן וואָלאַדימיר גאַלאַקטיאַנאָוויטש.

און איך האָב שוין דאַמאָלס געסטראַשעט דעם טאַטן מײנעם מיט זעלבסטמאָרד, אויב מען וועט מיר נישט אויסשרײבן אַ שיפֿסקאַרטע און אַוועקשיקן קײן אַמעריקע.

## III

סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער קורצער סאָפֿע, אין דער קאַיוטע, און אונטערגעשפּאַרט די מידע, אויסגע־טאַנצטע פֿיס אויף אַ בענקל. דער בלאָנדער רוס איז געשטאַנען און

איר אויסגעגלייכט די צעפּאַטלטע האָר און געגלעט די באַקן. די אויגן בײַ איר זענען געווען געשלאָסן, אָבער מען האָט גאַנץ גוט געקענט זען, אַז זי האָט שטאַרק האַנאָע פון דעם בלאָנדינס צערטלאַכע הענט. דער בלאָנדער האָט מיט זײַנע ציטערדיקע פינגער גענומען גלעטן פּאַכמעניש אירע פּיס, ווי ער וואָלט פון זיי געוואָלט אַרויסגלעטן די גאַנצע מידקייט. ער האָט אָנגעשטעלט אַ שלעפּעריקע שטימע, ווי מען שטעלט אָן אַ גראַמאַפאָן, און געזונגען לערמאָנטאָווס באַיו־באַיוש־קי־באַיו, און נאָך יעדן פּערז האָט ער צוגעגעבן אין רעטשיטאַטיוו די אַמאָל באַרימטע איינשוריקע ליד:

„פאַרדעק דײַנע בלייכע פּיס!"

דער סטוואָרד, וואָס איז אויך געווען געלאַדן צו דער סימכע, קעדיי צוצוגעבן פּראָלעטאַרישן קאָלאָריט, איז געזעסן מיט אַ פלאַש אין האַנט און געטרונקען סאָלאָ, — ער האָט אָבער נישט פאַרגעסן אויף קיין איין מינוט אַז אַ סטוואָרד האָט אַן אייגענע ווירדע. ער האָט געהיט זײַן רעפּוטאַציע מיט אַ געפיל, אַז מען טאָר נישט זײַן צופיל דעמאָקראַטיש און פאַניבראַט מיט קיין שיקערע פּאַסאַזשירן, ווײַל מען קען עס נאָך אַמאָל אויסקרענקען, ווען זיי ניכטערן זיך אויס.

און איך, פאַר זיך, האָב נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן די ווערטער, וואָס, אויב זיי האָבן אין סאַמע אָנפאַנג געהאַט אַ קנאַפּע באַדייטונג, זענען זיי איצט אינגאַנצן געווען פאַרבראַנפנט —

אָט דאָס איז עס.

ווי אַ שיקער, וואָס טשעפּעט זיך אָן אין אַ זאַך, און עס ווערט דער רעפרעין פאַר זײַן גאַנץ געמיט, האָב איך זיך אַלץ געהאַלטן בײַ דעם — אָט דאָס איז עס. עמעס, אַז אַסאַך, אַסאַך זאַכן האָבן זיך בײַ מיר גענומען אויסוועפן, אויב נישט אינגאַנצן אויסניכטערן. בײַ מיר האָט זיך אָבער איצט געלייגט אויפן סייכל, אַז מײַן לובלין פון 1905 האָט אויסגעכאָוועט און אויסגעוויײטיקט אָט־די פײַנע יונגען. מײַנע שנײַדערס, שוסטערס און נייטאָרינס, וואָס ליגן שוין לאַנג מיטן פּופּיק קאַפּויר, האָבן געפּעכניעט פון הונגער און דערצויגן די באַפרייטע יונגעלייט.

ערשט ווען איך האָב זיך גוט אויסגעניכטערט האָב איך געדענקט, ווי איך האָב געפּאָדערט בײַ דעם אָקטיאָבער צו טרינקען אַ טאָסט פאַר מײַן לובלין. איך האָב זיך געשאָלטן און געזידלט אויף אַזייפּיל רוסיש, ווי איך האָב נאָר געקענט. איך האָב געשריגן, אַז מאָסקווע דאַרף זיך נישט בלאָזן. איר מעג איצט אָנשטיין צו וויסן, אַז ס'איז

דאָ אַ לובלין אויף דער וועלט און זי איז איר שולדיק אַ כּויוו. מיין שטאָט דאַרף קריגן דעם לענין־אָרדן.

הערי, הערי, דאָלאָי פּאָליציי,
דאָלאָי סאַמאָדערזשעץ איוו ראָסעי!

און ביינאַכט זענען מיר געזעסן האַלב־ניכטערע אין באַר און זיך געברידערט. מיר האָבן געשפּילט שאַך און איך האָב געהאַלטן אין איין פאַרלירן. אָבער אין מיינע שפּילער איז נישט קענטיק געווען קיין סימען פון קאַניבאַלישער זיג־פרייד. זיי זענען אַלע געווען פּאַסי־פיסטישע שפּילער און פּאַסיפיסטישע זיגער. זיי האָבן נאָך יעדער מאַפּאָלע מיינער מיר געהאַלטן אין איין פאַררעדן די ציין, אויס מוירע טאָמער געהער איך צו דער אַלטער שולע פון בלוט־שפּילער און מיין פאַרלוסט קען מיך נאָך כאַסוועכאָלילע קאָסטן געזונט.

מיר האָבן געטרונקען סקאָטש מיט סאָדא ביי אַ גרויסן קיילעכ־דיקן טיש, און געפילט ווי דער דיל האָט זיך קוים־קוים באַוועגט און ווי די שטולן האָבן זיך עטוואָס געבויגן און געהויבן. מיר האָבן אָבער פאַרגעסן דעם יאַם, עס האָט זיך געדוכט, אַז אַלץ איז דאָ דורכגע־ווייקט מיט בראַנפן. אונדזער געשפּרעך האָט דורך דעם געקראָגן נאָך אַ מער פאַרוויגנדיקן טאָן, ווי מיר וואָלטן נישט גערעדט נאָר קוים וואָלסירט.

פון טאַנצזאַל האָבן דערגרייכט די טענער פון אַן אָפּערע־פּאָפּורי, — אַ שטיקל וואַגנער, אַ לעק פּוטשיני, אַ כאַפּ ווערדי, ביז אַ קרעש־טשענדאָ פון לעאָנקאַוואַלאָס פּאַיאַצישן געוויין.

ביי אונדזער טיש זענען אויסער דער רוסישער קאָלאָניע און, פאַרשטייט זיך, אַכוץ סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ, געזעסן עטלאַכע דאַמען, וואָס זענען צוגעצויגן געוואָרן צו אונדזער קרייז אין אַ דראַנג נאָך אַביסל עקזאָטיק.

איינע פון די דאַמען האָט געהאַט אַ שטיקל שייכעס צו אונדזער טיש: זי איז געווען אַ לאַטוויש־אידישע פרוי. זי האָט אויסגעזען צו זיין ביים טויער פון דרייסיק. איר פּאָנים האָט נאָך נישט אינגאַנצן געהאַט אַרונטערגעוואָרפן די סימאָנים פון מיידל, אָבער זי האָט דאַווקע געוואָלט שפּילן די דאַמע. זי האָט גערעדט אַ זעקס־זיבן שפּראַכן, צווישן זיי אויך אַ גאַנץ גוטן רוסיש מיט אַ דייטשן אַקצענט. אין אַמעריקע איז זי ערשט געווען דריי יאָר, אָבער זי איז שוין געפאָרן אויף באַזוך צו איר פאַמיליע אין ריגע. איר מאַן איז אַ רייכער אימ־

פאַרטירער מיט אַ הויז אין פּלעטבוש, און זי האָט זיך געקאָנט פאַר־גינען דעם לוקסוס פון אַזאַ שנעלער בענקשאַפט.

די ריגערן האָט געהאַט די מאַניערן פון אַ גראַנד־דאַמע און זי האָט דערפאַר אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט מיט דעם מולאַטישן דיפּלאָ־מאַט פון האַיטי. געאַרעמט האָבן זיי ביידע געשפּילט אַ פלירט אויף פראַנצויזיש לויט אַלע קניקסן פון דער עטיקעטע. אין איר קליידונג, אין איר גאַנצער האַלטונג, אין איר אַליוועך הויט, אין אירע הענט און אין אירע מיט געשמאַק באַשוכטע פיס, האָט מען געקענט זען וואויל־דערצויגנקייט. זי האָט געהאַט אין גרילצנדן כיסאָרן: יעדעס מאָל ווען זי איז געוואָרן אַביסל אויפגעלייגט, דערוואַרימט און צוגע־לאָזן, האָט זי אַריינגעפלאָכטן אין געשפּרעך אַ „ווי מיין מאַן זאָגט", אַקוראַט, ווי זי וואָלט געוואָלט באַטאָנען, אַז זי איז נאָך אַלץ אַ געטריי און איבערגעגעבן ווייב, און מען זאָל זי נישט נעמען אויף דער צונג; אָדער, ווי זי וואָלט דעם גייסט פון איר מאַן געדאַרפט האָבן פאַר אַ שמירע, ווייל אָט־אָט וועט זי זיך אויסגליטשן. די איידעלע פינגער אירע האָבן זיך געשפּילט מיט דעם גלעזל סקאָטש. מיט אירע פינקלענ־דיקע, שוואַרצע אויגן, האָט זי געבליצט צו דעם און צו יענעם ביים טיש: נו, טשטאָזש, טאָוואַרישטש, ניע פּלאָכאָ זשיט נאָ סוויעטיע!

סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ איז געווען אַביסל מעלאַנכאָליש, ווייל זי האָט געהערט צו דעם מין פרויען, וואָס זעען זיך גאָר שטאַרק אָן און לויכטן, ווען זיי זענען אַליין צווישן מענער, אָבער מיט נאָך פרויען דרייען זיי אַריין אַלע לאָמפּן און זיצן צוריקגעצויגן אין דער פינצטערניש.

אַן ענגלענדערין פון שטאַרק איבער פערציק, מיט וועלכער מיין דענישער פריינט האָט מיך מעזאַקע געווען איז אויך געזעסן ביים טיש און איז געווען פול מיט באַוואונדערונג:

„אַרענט דהיעס ראַשענס פּוירפּעקטלי עקסקוויזיט!"

זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, זי האָט אָבער געהאַט אין גרויסע מאַלע — זי האָט געקענט טרינקען. דער בלאָנדער, וואָס איז אין זיין קאָוואַלערישקייט נישט נאָר געווען ברייט־רוסיש, נאָר אויך הומאַני־טאַר, האָט אויס מוירע, אַז די ענגלענדערין וועט פאַרנאַכלעסיקט ווערן פון ענגהערציקע מענער, דאַוקע זי אויסגעקליבן פאַר די פּיילן פון זיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט איר געמאַכט הייסע רוסישע קאָמ־פּלימענטן. ער איז נאָך געווען יונג גענוג צו זיין איר דערוואַקסענער זון, אָבער ער האָט זי באַמבאַרדירט מיט ליבע און זי איז געווען רויט פון דעם אַריינגעגאָסענעם סקאָטש, דערהיצט פון די קאָמפּלימענטן

און מיך האָט זי אַלץ געהאַלטן אין איין פּאַרזיכערן, אַז די דאָזיקע „ראַשענס" זענען „פּוירפּעקטלי עקסקוויזיט".

אַ גאַסטביים טיש איז געווען אויך אַן אַמעריקאַנער פינלענדערין. זי איז געווען גוואַלטיק צופרידן מיט מיר, ווייל כ׳האָב זיך ביי איר נאָכגעפרעגט „וואָס עס מאַכט" די קאַלעוואַלאַ. איך האָב דערמאָנט די ברידער וואַינאַמאָינען און אילמאַרינען און אויך זייער בלוטיקן סוינע לעמינקאַינען. אָבער גאָר שטאַרק האָב איך ביי איר אויסגענומען, ווען איך האָב מיט מיינע לעצטע קויכעס אַלס מענאַגן פאַר איר געזונגען שטיקלאַך פון סיבעליוסעס „שוואַן פון טואַנעלאַ".

ווייט פון יונג און נאָך ווייטער פון שיין האָט זי נאָך דערצו געהאַט אַ גרויסע שפּיציקע נאָז, וואָס איז געווען אַזוי פּאַליפּאַרמיש, ווי עס וואָלט געווען אַ שטיקל באַשעפעניש פאַר זיך, אַ מין פויגל, אָדער אַ קליין כאַיעלע.

זי איז געווען אַ נוירס און זי איז מיר געווען אויסערגעוויינלאַך דאַנקבאַר, וואָס איך האָב זי פאַרבונדן מיט וואָרצלען, בעאייס פאַר מערסטע אַמעריקאַנער איז פינלאַנד נישט מער ווי אַ טויבשטומער קלאַנג, אַ וואָרט אָן שאַטנס און אָן אַ פונוואַנען.

פון גרויס דאַנקבאַרקייט האָט זי מיך אָפּנהערציק געלאַדן, אַז איך זאָל אַמאָל קומען צוגאַסט צו איר אין האָבאָקען. עמעס, זי האָט אַ קליין צימער און אַן ענג בעט, אָבער אָפילע אירע שפּיטאָל־דאָקטוירים זאָגן איר, אַז זי איז נאָך נישט אויף אַרויסצוואַרפן. אַלנפאַלס, גיט זי מיר אַ דריק די האַנט, קען מען דאָך איינשטעלן. וואָס קען מען דען דערביי פאַרלירן?

אויך זי איז געווען פול מיט אַריבערשוימענדיקער באַוואונדערונג פאַר די סאָוועטישע יונגען.

ביים טיש מיט אונדז איז אויך געזעסן אַ יונגע אַמעריקאַנערן פון וויסקאָנסין, פון אַ יאָר צוויי־דריי־און־דרייסיק. זי איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון הויך. אַזוי ווי זי איז געווען די פראַנצויזישע לערערקע אין אַ פּרוויען־אוניווערזיטעט, האָט זי געהאַט אין זיך אַסאַך פון דער אַלטער מויד. קעדיי אויסצוקוקן אָפילע נאָך ווירדיקער, האָט זי פון צייט־צו־צייט אָנגעטאָן איר פּענסנע וואָס האָט זיך געבאַמבעלט מיט אַ זילבערן קייטל אויף איר הויכן האַלדז.

די מאָנאָטאָניע און צאַם פון אַ גאַנץ יאָר ווירדיקייט ברעכט זי מיט אַ רייזע יעדן זומער קיין פּאַריז, וואו זי נעמט זיך אָן מיט צען וואָכן באָהעמיע (און באָהעמיע פאַר אַן אַמעריקאַנער לערערקע מיינט אַסאַך מער ווי דאָס וואָרט באַטייט). זי ווערט, דערציילט זי אַליין,

אַן אַנדער סאָרט מענטש אין פּאַריז, אַן אַנדער גוף און אַן אַנדערע געשמאַמע. אין פּאַריז דערקענט מען זי אינגאַנצן נישט. די וויסקאָנ־סינער לערערקע פאַרשווינדט. זי ווערט אַ פרוי, וואָס פאַרבערענט צען וואָכן ווי אַ מעסלעס. די שווערסטע זאַך איז, זאָגט זי, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פון אירע דערוואַקסענע סטודענטקעס, וואָס כאַפּן זיך אויך אַריבער קיין פּאַריז אַביסל אָפּצוטעמען — מוז זי זיך אויס־וואַלגערן אין צווייפלהאַפטע האָטעלן אויף זייטיקע גאַסן.

דאָ, אויף דער שיף, געפינט זיך די לערערקע שוין ערעוו יענער פּאַריזער מעטאמאָרפאָזע. ווען זי נעמט אַרונטער די פענסנע זעט מען אַ קלוג, פאַרשטענדיק פּאָנים און אַ קלוגע געצאַמטקייט, וואָס האַלט ביים פּלאַצן אויף אַלע רייפן. איר אַלטמוידישקייט באַהאַלט זיך הינטער איר אַטלעטישער פיגור. דאָס געזונטקייט אירס רייצט, ווי עס רייצן אירע שטאַרקע הענט און פיס, וואָס האָבן קראַפט צו מאַנען.

יאָ, אין פּאַריז האָט זי אַסאַך באַקאַנטע רוסישע פריינט, אָבער יענע, פאַרטרויט זי זיך פאַר מיר, זענען גאָר אַנדערע רוסן — ווייסע גוואַר־דייצעס. זי איז צופרידן מיט דער געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער אַנדערער זייט פון דער רוסישער מאַטבייע.

די זייט וואָס איר קענט, איז די אָפּגעריבענע זייט פון דער רוסי־שער מאַטבייע, — זאָג איך איר און כאַזשעוו באַמערקט נאָך אָפּנהער־ציקער וועגן אירע פּאַריזער רוסישע כאַוויירים:

דהעי אָט טו בי שאָט!

פאַרוואָס? — ברויגעזט זי זיך אָן. — זיי זענען זייער וואוילע, געזונטע, שטאַרקע און וואַרימע יונגען, — און קעדיי צו פאַרהויכן אַ פלוצימדיק פלעמל אין די אויגן, טוט זי צוריק אָן די לערערישע פענסנע, אַז עס זאָל אויסקוקן ווי אַ קאַלטבלוטיקע דיסערטאַציע איבער וואַרימע ווייסע־גוואַרדייער.

איר זענט אויך וואוילע, טייערע מענטשן, זאָגט זי. אַלע רוסן זענען וואויל — וויל זי פלוצים זיך נעמען די מיסיע איבערצובעטן דאָס אַלטע מיט דעם נייעם רוסלאַנד. אָבער כאַזשעוו לאָזט נישט. מיט זיין באַשרענקטן ענגלישן וואָקאַבולאַר האַלט ער זיך אַלץ ביי זיינס. —

יאָר פרענדס אָט טו בי שאָט!

זי לאַכט פון גרויס פאַרלעגנהייט. עס כאַפּט איר אָן אַ מוירע, ווי עס וואָלט שוין געהאַלטן דערביי. אָט פירט מען אַרויס יעדן איינעם פון אירע פריינט, מען שטעלט זיי אַוועק ביי אַ ווענטל און פּיף —

נישטאָ! 1930 — פּאַריז, 1931 — פּאַריז, 1932 — 33 — אַלע אויסגעשאָסן. אַלע וואוילע פּאַריזער זומערן, וואָס גיבן קויאַך אויסצוהאַלטן די ווינטערס ערגעץ אין אַ שטעטל אין וויסקאָנסין, — פּיף־פּאַף אויסגעשאָסן.

אויף וואָס דאַרף מען שיסן? בעט זי זיך מיט אַ מוטערלאַכער שטים, ווי זי וואָלט זיך איינגעשטעלט פאַר איר בלוט און פלייש. פּאַדזשאַלוסטאַ, קאָקעטירט זי מיט אַ צעקאַליעטשעט רוסיש וואָרט. טרערן שטעלן זיך איר אין די אויגן און זי ענדיקט מיט אַן אויסגעלערנטן „יאָ וואָס ליובלו, ספּאַסיבאָ!"

אויסגעשעפּט איר גאַנצער רוסישער לעקסיקאָן און זי בלייבט אויף זיצן מיט גאַנצע בוקעטן פאַרוואונדערונג. עס קרענקט זי בלויז, וואָס מען קען נישט מאַכן שאָלעם צווישן אירע ווייסע גוואַרדייצעס און די באָלשעוויקעס ביי אונדזער טיש.

איך ווער אַריינגעצויגן אין דער ראָלע פון אַן איבערזעצער צווישן די יונגע באָלשעוויקעס און דער אַמעריקאַנערן. דער בלאָנדער רוס קאָהעסט זיך כאַווריעשע אויף כאַזשעוון, האַלמאַי ער רעדט וועגן שיסן.

שיסן איז נישט קיין טעמע פאַר אַ געשפּרעך. מען דאַרף אַזוי נישט רעדן. שיסן איז אַ טאַט, אָפּטמאָל אַ גויטיקער טאַט, אָבער אַז מען רעדט נאָך, האָלט מען נאָך נישט דערביי און מען דאַרף זאָגן פאַרוואָס שיסן. מען דאַרף דער דאַמע געבן צו פאַרשטיין, אַז מיר זענען נישט קיין מערדער. שיסן קומט שפּעטער, אַסאַך שפּעטער. צום ערשט קומען רייד, מענטשלאַכע רייד. די, מיט וועלכע מיר קענען זיך איינגאַנצן נישט צוזאַמענלעבן, די, וואָס זענען אַ געפאַר — נו, ברודערקע, דאַמאָלס ווען מיר קענען זיך ניט העלפן, טוען מיר אונדזער רעוואָלוציאָנערע פליכט און נוצן די מאַקסימום שטראָף — פאַלט ער אַריין אין באָלשעוויסטישער פּעדאַגאָגיק.

איך מוז דאָס אַלץ איבערזעצן, און ביי דער מיטליעריקער ענגלענדעריין, וועלכע האָט שוין פאַרלוירן דעם כעשבן פון דעם סקאָטש, וואָס זי האָט אויסגעזופּט, נעמט דאָס אַזוי שטאַרק אויס, אַז זי דערלאַנגט איר בלאָנדן קאַוואַליער און דיאַלעקטיקער אַ קוש, גיט פלינק אַ וואַרף אַריין נאָך אַ סקאָטש און שרייט אויס צום וויפלטן מאָל —

אַז מען מוז צוגעבן, די רוסן זענען „קיוט" און „פּוירפּעקטלי עקסקוויזיט!"

אויף די קאַנאַפּעס ביי די ווענט און אין אַלע ווינקעלאַך זיצן פאַרלאַך און רעדן שטיל. עס איז שוין נאָך האַלבער נאַכט, די שאָ

פון קלוגער לאַקאַנישקייט, ווען עס רעדן אויגן, הענט און שיכלאַך. אָבער אַפילע די שטומע געשפּרעכן זענען אין דעם באַר פון דער ענגלישער שיף אָנגעפּירט געוואָרן מיט אַן אַנגלאָזאַקסישער צוריקגעהאַלטנקייט.

צו אונדז האָבן זיך די אַלע אָפּגעריסענע רייד דערטראָגן פון ווייטנס ווי געזאַנג, ווי די סענטימענטאַלסטע ליבעלידער, אָבער איצט האָט דאָס אַלץ געהאַט דעם זיבעטן חיין. אונדזער טיש, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער און איז ביז איצט געגאַנגען אויף רעדלאַך, האָט זיך אויך, נישט ווילנדיק, גענומען אונטערגעבן צו דעם זינגענדיקן שעפּטשען.

אימיצער ביי אונדזער טיש האָט באַמערקט, אַז די באַזונדערע און פרעמדע פּאָרלאַך קוקן אויס ווי איין קאָלעקטיווע ליבע. דער פּראָסטער אַרבעטער, וואָס האָט געוואונען אַ וועלט־רייזע נעמט אויספּייפן שובערטס סערענאַדע.

כאַווירים, שרייט דער בלאָנדער, איר קענט מיך שטעלן צום ווענטל און דערשיסן ווי אַ הונט פאַר סענטימענטאַליטעט, אָבער פּונקט ווי ער פּייפט, אַזוי־אַ פּיל איך. ער האָט מיר צוגעטראָפן. אַן אַנדערש מאָל האָט דאָס ליד מיט די נאַכטיגאַלן אַ טאַם פון מאַרינירטן הערינג, אָבער איצט בין איך אַליין גרייט זיך צו שטעלן אויף די קני פאַר איינער פון אונדזערע דאַמען, און זינגען אַזוי האַרצרייסנד ווי מעגלאַך שובערטס ליד. לעבן זאָל די סאָוועטן־מאַכט און אייביק לעבן זאָל די ליבע.

און דער בלאָנדער האָט גענומען מיטפּייפן און זיך צוטוליען צו דער ענגלענדערין.

און אין דער דאָזיקער לירישער צעגאַסנקייט האָט איינער פון דער סאָוועטישער גרופּע זיך דערנענטערט צו מיר, ווי יאָסעף צו זיינע ברידער, און מיר דערציילט, וואָס עס איז גאַנץ לייכט געווען זיך אַליין אָנצושטויסן, אַז ער איז אַ איד. ער האָט זיך באַמיט דעם דאָזיקן סאָד אויפצודעקן אַזוי פאַרבייגייענדיק ווי מעגלאַך, אָבער ווי נאָר ער האָט זיך געלאָזט דערקענען, איז ער שוין געפאָרן איבער דעם גאַנצן שאָסיי. און זאָלן מיר אַלע אינטערנאַציאָנאַלע געטער מויכל זיין, זיינע רייד האָבן פאַר מיר, אין דעם פאַרביקן געזעמל, גענומען שמעקן מיט אַ טייערער אידישער היימישקייט, מיט פרישגעבאַקענעם קויליטש, מיט הייסע פעפערדיקע פיש, וואָס שטייען אין פילמיסיק ביים פענצטער און קילן זיך, מיט אַ שמעקעדיקער הינער־

שער יויך און אַסאַך גאָלדענע אויגן און אַפּילו מיט ערשט אָנגעריי־בענעם כריין, וואָס גיט אַ זעץ אין דער נאָז.

און דאָס אַלץ, אַזוי שנעל ווי ער האָט געמומען אויפוויקלען זיין פּאַרמעטענע געגעאַלאָגיע און גלייך ביים ערשטן זאָג, אַז זיין טאַטע איז אַ מעלאַמעד אין אַ קליין שטעטל ערגעץ אין פּוילן. ער האָט גע־רעדט שטיל און שנעל. מיר זענען געזעסן ביים זעלבן טיש, אָבער עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט מיך אַוועקגענומען פון דער גאַנצער גרופּע און זיך באַמיט צו דערציילן, אַז אייגנטלאַך איז ער פּונקט און אַקוראַט אַזוי ווי אַלע ביים טיש, עס זאָל פעלן אַ האָר, אָבער דאָך איז ער נאָך עפּעס אַ קלייניקייט, וואָס מען מוז אַרונטעררעדן פון האַרצן און פּאָטער ווערן.

זיין טאַטע איז אַ איד אַ קאַבצן, וואָס גייט אויס פון הונגער און ער, דער זון פון סאָוועטן־פּאַרבאַנד, וואו מען שטאַרבט טויזנטערווייז אין די גאַסן פאַר אַ שטיקל ברויט (וואַרפט ער מיר אַריין אַן איראָ־ניעלע) שיקט דעם טאַטן געלט כוידעשלאַך, קעדיי אים אַביסל צו דערהאַלטן ביי דער נעשאָמע. גליקלאַך איז ער, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעריסן באַצייטנס פון פּוילן, אויסשטודירט אינזשיניער און איצט האָט ער אַ פּאַראַנטוואָרטלאַכע שטעלע אין אַ זאַוואָד. אָט האָט אים דער זאַוואָד געשיקט קיין אַמעריקע אויף זעקס וואָכן. אַ שאָד וואָס בלויז אויף זעקס וואָכן, ווען ער וואָלט געווען פאַרבראַכט אין אַמעריקע כאָטש עטלאַכע כאַדאָשים, וואָלט ער זיך אַביסל אויסגע־לערנט די שפּראַך, ער וואָלט שוין גערעדט ענגליש און נישט ווי כאַ־זשעוו, וואָס רעדט נישט, נאָר שטאַמלט.

דאָס לעצטע האָט ער געזאָגט הויך, קעדיי כאַזשעוו און די גאַנצע גרופּע זאָלן הערן דעם גוטמוטיקן קיבעץ.

יעווריעסקאַיאַ גאָלאָוואַ! — גיט זיך ביי מיר אַ ריס אַרויס הויך אַן אומשולדיקער קאָמפּלימענט. אַמאָל פלעגן עס אַפילו רוסן זאָגן אין זייער היספּאַלעס פאַר אידישע פייאיקייטן, אָבער דאָס מאָל איז עס געפאַלן ווי אַן אומגליק. מיין איד איז בלאַס געוואָרן, ער האָט מיך פּרובירט ראַטעווען, אָבער איך בין אַלץ געזונקען טיפער און טיפער. ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר, פאַר באַנוצן זיך מיט אַן איבער־בלייבעכץ פון צאַרישן רוסלאַנד, די אַנדערע האָבן געשמייכלט אין העפלאַכער פאַרלעגנהייט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך האָב מיט אַמאָל פאַרלוירן ביידע וועלטן פון דער ניי־געשאַפענער פריינדשאַפט מיט דער רוסישער קאָלאָניע. ערגער פון אַלע האָט זיך אָבער גע־פילט דער איד — ווי איך וואָלט אים פאַרפאַטשט דאָס פּאַנים מיט

מיין קאָמפּלימענט. עס איז געווען דער עמעסער פּאָ פּאָ פון אָונט און ס'האָט געדויערט אַ היבשע ווייל ביז מיין איד האָט מיך ביסלאַכ־ווייז, ביסלאַכווייז אַרויסגעראָטעוועט.

און פּאַמעלאַך, פּאַמעלאַך האָט ער צוריק איינגעפּעדעמט דעם געשפּרעך און מיר ווייטער געבומען דערציילן, ווי אַזוי ער, אַ פּויליש־אידיש ביידער־אינגל האָט זיך אַרויסגעריסן פון איפּעש אויף דער ברייטער וועלט אַרויס. ווען ער פאַרשפּעטיקט בלויז אויף איין יאָר, וואָלט ער איצט זיכער געווען דעם טאַטנס בעלפער און ער וואָלט געטראָגן קינדערלאַך, מיט געוואָלט, „קעפּטשעלע־מע", אין ביידער אַריין. איצט איז ער געווען אין אַמעריקע, ווי אַ פאַרטרעטער פון אַ גרויס לאַנד און ער פאָרט צוריק אין אַרבעטערס פאָטערלאַנד. אַגעוו אורכע גליטשט זיך ביי אים אַרויס, אַז געפאָרן קיין אַמעריקע איז ער אויף אַ דייטשער שיף.

אויף אַ דייטשער שיף? פרעג איך אים איבער מיט פאַרוואונדערונג.

יאָ, אויף אַ דייטשער שיף, ענטפערט ער מיר מיט אַ שטאָלערנער גלייכגילטיקייט, ווי מיין פראַגע וואָלט בלויז געווען אַ פראַגע פון רוטינע. מיר האָט עס פּאָשעט געשנייטן ביים האַרצן, ווען איך האָב געהערט וועגן דער רייזע אויף דער דייטשער שיף, אָבער ער האָט דערפון גערעדט מיט אַזויפיל גלייכגילט, אַז איך האָב אים אַזש גענומען מעקאַנע זיין.

אָט איז אַן עמאַנציפּירטער איד! דער טאַטע אַ מעלאַמעד פון אַ קליין פּויליש שטעטל און דער זון פאָרט איצט, אין דער צייט פון מעגילאָס־היטלער, גלייכגילטיק, אויף אַ דייטשער שיף.

די עסנס זענען געווען געשמאַקע, פאַסמאַקעוועט ער זיך, און מיר האָבן נישט גערעדט קיין פּאָליטיק. זיי זענען געווען פאַרזיכטיק אין מיר נאָך פאַרזיכטיקער.

און ווי פילט זיך עפּעס אַ איד היינטיקע צייטן אויף אַ דייטשער שיף? קען איך שוין נישט אויסהאַלטן און איך פּלאַץ ווידער אַרויס מיט אַ פראַגע.

ער קוקט מיך אָן מיט אַ באַדויערנדיק שמייכעלע.

איר פרעגט אַ סענטימענטאַלע פראַגע און מיר האָבן נישט קיין צייט פאַר סענטימענטאַליטעטן.

בין איך ווידער מעקאַנע מיין באַפרייטן ברודער און איך וויל טרינקען מיט אים צוזאַמען אַ טאָסט פאַר דעם נייעם אידן, וואָס רופט זיך נישט אָפּ קרענקלאַך אין מאָסקווע, ווען מען שלאָגט אידן אין

אַלזשיריע. אַ טאָסט פאַר דעם נייעם אידן! שריי איך מיט אַ מאַזאָ־כיזם, ווי איך וואָלט זיך געשטאָכן נאָדלען אין לייב.

ווידער אַ סענטימענטאַליטעט — קנעלט ער מיט מיר — לאָמיר טרינקען פאַר דעם נייעם מענטשן!

און ער נעמט פאַר מיר מאָלן אַ טאָג אין ראַטנפאַרבאַנד, ווי אַן אידיליע. מען אַרבעט שווער, אָבער פאַר ווע מען אַרבעט מען? פאַר זיך, פאַרשטייט זיך. אַז מען אַרבעט גאָר שווער און מען ווייזט אַרויס פּיאיקייטן, איז מען באַרעכטיקט צו וואַקאַציעס, רייזעס, ספּע־ציעלע טעאַטער־פאַרשטעלונגען, באַלעט, פאַרגעצויגענע פלעצער אין די קינאָס, דאָם־אָטדיכאַ, פרייע מעדיצינישע באַהאַנדלונג. און אַז אימיצער וויל אַלץ אַרבעטן נאָך מער, קריגט ער באַצאָלט פאַר יעדן ברעקל אַרבעט. אָט איז ער אַליין באַנאַכט, נאָך זיין אַרבעט אין פאַבריק, לעקטאָר אין אוניווערזיטעט, פאַר דעם קריגט ער ווידער באַ־צאָלט, און ווען ער איז נישט אין אוניווערזיטעט, כאַפּט ער זיך גאַנץ אָפּט אַריין שפּעט אין אָוונט צו זיך אין פאַבריק און אַרבעט אויף אַ פּלאַן. דער פונדאַמענט פון ראַטנפאַרבאַנד איז אַרבעט, אָבער עס איז זיס, ווייל מען אַרבעט פאַר זיך.

פאַראַן אַזעלכע, וואָס פאַרדינען אַזויפיל, אַז זיי קענען גאָרנישט פאַרלעבן זייער געלט און זיי שפּאָרן אָפּ שיינע טויזנטער רובל. אָבער, נישט געשראָקן זיך, ביי אונדז וועלן קיין מיליאָנערן זיך נישט אָנ־פּלאָדיען. וואָס טוט מען מיט געלט? מען העלפט אַ פריינט, מען גיט עס אָוועק, מען גיט עס צוריק דער רעגירונג דורך אַ זייטיקן וועג אין דער פאָרם פון געקויפטע אַקציעס פאַר רעגירונגס־האַלוואַעס.

ער מאָלט אַזוי געלאַסן און שיין, אַז אַלץ קוקט אויס גלאַט און פאַרשטענדלאַך, ווי אַ סאָוועטישע פילם — זאַטע פעלדער, פעטע קי, שווערע איבערגעלאָדענע אייטערס, לאַכנדיקע פּענימער. מען אַרבעט און מען זינגט, מען זינגט און מען אַרבעט. מילעניום!

פון טאַנצזאַל דערטראָגט זיך איצט טאַנצמוזיק און דער קליפּ־קלאַפּ פון פיס און פיסלאַך אויף דער לייכט־שאָקלדיקער פּאָדלאָגע, וואָס וויגט זיך ערגעץ אויף אַן אומזיכטבאַרן יאַם, וועלכער ליגט איצט קיינעם נישט אין דער לינקער פּייע. עס זעט אויס ווי מען טאַנצט און מען שפּילט צו אויף דער אידיליע פון דעם סאָוועטישן לעבן, ווי עס שילדערט עס פאַר מיר מיין אידישער פריינד.

איר פאַרשטייט? איך ווייס בעעמעס נישט, אויב עס וועט מיר געלינגען זיך אויסצופּלאָנטערן, אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין. איך קום פון לובלין—אַ קליינע שטאָט. איך געדענק די רעוואָלוציאָנערע לידער,

וואָס מיינע באַלמעלאָכעס האָבן געזונגען. ווי זיי האָבן געהאָפט, ווי זיי האָבן די אויגן אויסגעקוקט אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זיי האָבן די רעוואָלוציע פּאַקטיש אויסגעוויינט מיט זייערע פּאַרטרערטע, געליאַמעוועטע אויגן. אַט־די געבויגנקייט האָט געזוכט צו ווערן אויס־געגלייכט. אויסגעגלייכט איז דאָס ריכטיקע וואָרט, אויסגעגלייכט מיט ראָטשילדען, פּאָזנאַנסקין, בראָדסקין, וויסאָצקין, שערשעווסקין און מיט אונדזער שטאָט־גוויר שיינברון.

דאָס לעבן איז אָבער אַ פּאַסקודנע אַקושערקע, ביים אָפּנעמען צע־פּלעטשט זי אימיצנס מויאַך, אימיצנס הענט, אימיצנס פיס, ווייס דער טייוול פון וועלכע פינצטערע אורקוואַלן, אָדער אורעלטערן עס נעמט זיך, און אימיצן גיט זי גאָר אַ גלעט איבערן קעפּל און הענגט אים אָן אַ רויט סטענגעלע.

וואַקסט איינער אויס מיט אַ גלאַט ציינגל, דער אַנדערער קען נישט דעם סאָד פון צונויפּפּאָרן ווערטער, די צונג ליגט ביי אים אין קינפּעט און ער איז שוין געבוירן אַ קנעכט צו די אַלע, וואָס קענען אים גלאַטער זאָגן וואָס ער וויל אָדער וואָס ער דאַרף וועלן. וואַקסט איינער אויס מיט קלוגע הענט, ביי אַן אַנדערן באַמבלען זיי זיך, אַן אַנדערער ווערט געבאָרן מיט אַ טעמפּן מויאַך, אַ צווייטער מיט אַ ליכטיקן קאָפּ און נייגונג צו מאַטעמאַטיק. אַזוי באַפעלט די דעס־פּאָטישקייט פון צענדליקער טויזנטער פינצטערע יאָר און עלטער־עלטער־עלטער באָבעס, זיידעס, מומעס, פעטערס און דער טייוול ווייס, וואָס נאָך פאַר אַ ספערם־סוידעס פון קראַמאַניאָן אָדער נעאַנדערטאַל.

און איר, באַלשעוויקעס, שפּילט דער דאָזיקער פּאַסקודנער אַקו־שערקע אַריין אין די הענט אַריין. איר נעמט אָן אירע דעקרעטן. פאַר פייאיקייט באַצאָלט איר, און די אומבאַהאָלפענע, פאַרשאָלטענע, נעסטשאַסטנע אומפייאיקייט בלייבט אומבאַלוינט. פייאיקייט טרינקט קאַווקאַזער וויין, אומפייאיקייט קריגט קוים אַ האַרט שטיקל ברויט. די פאַרכוישעכטע שניידערס און שוסטערס מיט די פּאַרווייַנטע מויכעס האָבן נאָך גאָרנישט אויסגעפּירט. וואו זענען ערגעץ דאָ די לוסט־שיפן וואָס זאָלן שווימען איבער די יאַמען מיט די הונדערטער טויזנטער פון אַט־די פאַרצאָרעטע שלימאַזלען. ווען קומט זייער יאָמטעף? און זיי זענען דאָך די צענדליקער מיליאָנען און איר די געראָטענע זענט דאָך די פּאַרטיי. וואו איז די באַלוינונג דאַווקע פאַר זייער הילפלאָזיקייט? זייערע פּאַרטרערטע, געשטאַמלטע רייד האָבן דאָך אויסגעקעמפּט די רעוואָלוציע פאַר אייך קלוגע, אינטעליגענטע און,

גלויבט מיר אַז איך מיין עס אויפּריכטיק, בעעמעס טייערע, וואָרילע אינזשעניערן. און שוין זיצט איר, בענייביי און איידער מען קוקט זיך אום, אויבענאָן און זיי די מיליאָנען אומפּייאיקע און געבויגענע — זייער רעוואָלוציע, מיין פריינט, דאַרף ערשט קומען.

אַט נעמט אייער כאַוועט דאָ, אַ גליק האָט אים געמוזט טרעפן, ער האָט געמוזט געווינען אַ לאָטעריי, קעדיי זיך אויסצוגלייכן מיט אייערע פייאיקייטן, קעדיי זיך צו קענען אָפּרוען אַ יאָר צייט. קיין אַנדער ברייטרע האָט ער נישט געהאַט — פאַר זיינע אומפייאיקייטן וויל נישט באַצאָלן, נישט דער קאַפּיטאַליזם און נישט דער באָלשעוויזם. ער מוז אייביק כאָלעמען פון סוויפּסטייקס. און אָט־דער שלימאַזל איז דאָך דער מיליאָניקער, ווי מען האָט אַמאָל געזאָגט, פּראָסטער נאַראָד. ער איז נישט פּיפּיק. ער קען נישט שפּילן קיין פּאָליטיק, ער קען נישט האַלטן קיין רעדעס, ער איז נישט קיין גוואַלטיקער רעכנמייסטער, אָבער ער האָט דאָך אויף אַן עמעס געהאָלפן בויען דאָס נייע לעבן, נישט בלויז פאַר זיידענע, פייאיקע יונגעלייט און מאַזלדיקע האָזן, וואָס כאַפּן זיך גלייך אַרויף אויפן וואָגן און האַלטן שוין די לייצן אין די הענט.

מיר זענען שוין אַלע געגאַנגען אויפן דעק אַרום און אַרום. עס איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט, אַז מען האָט געקענט ציילן פּערל. פון יאַם איז געקומען אַ לופט, וואָס האָט דערכאַפּט און געקרעפּטיגט דאָס האַרץ.

איר זענט אַ סענטימענטאַלער בורזשוי און אַ סוינע פון סאָוועטנ־פאַרבאַנד — האָט ער מיר פריינטלאַך אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער פּלייצע — און איך פאַרשטיי גלאַט נישט וואָס איר בעבעט.

אַ שיף מיט פייערלאַך האָט אונדז אַנגעיאָגט פון ערגעץ און האָט גענומען באַגלייטן אונדזער שיף ווי אַ נאָנטער פּלאַנעט. צום ערשטן מאָל האָט אַרומגעכאַפּט אַ געפיל, אַז מיר זענען נישט אַליין, אַז עס איז דאָ אַ גאַנצער יאַם־פאַרקער און מיר זענען אַ טייל פון אַ גרויסער, גרויסער סכעמע.

סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ האָט זיך אַזש צעטאַנצט פון פרייד אַקוראַט ווי אַ ראַבינסאָן קרוזאָ, וואָס האָט פּלוצים דערזען רעטונג. כאַזשעוו און די הויכע אַמעריקאַנער לערערן זענען געשטאַנען אָנגעלענט אויף דער שיף־פאַרענטש און געקוקט אויף די פינקלענדיקע פייערלאַך פון אונדזער באַגלייטערין. די פינלענדערין האָט געזונגען אַ פינלענדיש פאָלקס־ליד, די ריגערן האָט געהאַלטן אין איין דעקלאַמירן שורעס פון יאַם לידער אויף פינף־זעקס שפּראַכן.

די מיטליעריקע ענגלענדערן, וואָס איז געגאַנגען געאָרימט מיט דעם בלאָנדן רוס, און איז אַלעמאָל געבליבן הינטערשטעליק מיט אים אין אַ ווינקל, איז נאָך אַלץ געווען באַגייסטערט.

און יעדעס מאָל וואָס זי האָט זיך אָפּגעזוכט נאָך אַזאַ באַהאַלטעניש, האָט זי מיר אַריינגעשעפּטשעט גלייך אין אויער מיט אַ בריענדיקן אָטעם:

אַרענט דהיעס ראָשנס פּוירפּעקטלי עקסקוויזיט!

# I

אויב מען זאָל װעלן צוריקרופן דעם אַראָמאַט פון אַ טאָג אויף דער ענגלישער שיף, מוז מען אָנפאַנגען מיט דעם געזאָלצענעם פריש־טיק, דעם געשטאַנק פון כאַזער־גריװן, געבראָטענע, געבאַקענע אָדער געפּרעגלטע פיש און הערינג, איבער דעם גאַנצן גרויסן עס־זאַל.

דער טויבער פּראָפעסאָר כראָמשקעט דאָס צוגעדאַרטע ברויט. לעבן אים זיצט אַ מיטלװאוקסיקער סטודענט, מיט ברייטע אַטלעטישע פּלייצעס, געזונטע הענט און געזונטע פּיסקעס. דער פּראָפעסאָר האַלט דאָס טויבע אויער מיט דעם טרייבל אַנטקעגן דעם סטודענט, הערט זיך צו װי איבער אַ טעלעפאָן און ענטפערט מיט אַ פול מויל עסן און אַן איבעראַשנדיק קװיטשיק שטימעלע, װאָס איז אַ שרייענדיקער דיסאַנאַנס צו זיין אויטאָריטעטן קאָפּ און שטאָל־גרויע האָר.

דער סטודענט איז אויך אַ שטיק איבעראַשונג. לויט זיין אויס־זען װאָלט ער באַדאַרפט זיין פאַרקאָכט אין ספּאָרט, אָבער ער איז גאָר אַ גאַנצער אילוי אין עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ער האַלט אין איין באַװאַרפן דעם פּראָפעסאָר מיט קאַשעס איבער לאַנדװירטשאַפט, אינ־טערנאַציאָנאַלן געזעץ, אַגראַר־פראַגן און מיט צענדליקער ציטאַטן, װאָס האָבן אַ טאַם, װי דאָס צוגעטריקנטע ברויט װאָס דער פּראָפעסאָר אַטאַקירט מיט די פאַלשע ציין.

דער פּראָפעסאָר, װאָס פאָרט אַרבעטן אויף אַ װערק אין דעם „בריטיש מיוזיאום" װייזט אַרויס גרויס אומגעדולד מיט דעם צו־דרינגלאַכן סטודענט. ער, דער פּראָפעסאָר, װאָלט דאַװקע געװאָלט רעדן פון פריילאַכערע זאַכן, אָבער דער סטודענט מאָנאָפּאָליזירט אים. ער דולט אים אַ קאָפּ מיט דעם קאַמפּוס־לעבן פון סטודענטן, מיט די דאָרמיטאָריס. ער פאַרגלייכט עס מיט דעם סטודענטן־לעבן אין אייראָפּע און פאַר אַלץ האָט ער גלייך גרייט ציפערן און ציפערן.

דער סטודענט קוקט נישט אויף קיינעם. ער עסט שנעל און קוקט אַפילע קיין איין מאָל נישט אויפן טעלער. ער זעט בלויז דעם פּראָפעסאָר און ער לאָזט אים בעשום אויפן נישט אָפּװענדן דאָס פּנים און קוקן אויף אַן אַנדערן ביים טיש. ער זעט אויס װי אַ גרויסער לעװיאָסן, װאָס איז גרייט אַריינצוכאַפּן און שלינגען טוירע. ער האַלט, אַז מען טאָר נישט פאַרנאַכלעסיקן די געלעגנהייט צו לערנען. אַפילע

שפּעטער אויפֿן דעק, ווען דער פּראָפֿעסאָר טשעפּעט זיך שוין ענדלאַך אָפּ פֿון אים, זיצט ער פּאַר זיך מיט שווערע ביכער און האַלט אין איין פֿאַרצייכענען. ער קוקט נאָך אַלץ נישט אויף קיינעם, ער פֿאַרשווענדט נישט קיין שמייכל. אַזאַ מענטש האָט ביי זיך פּינקטלאַך אָפּגעמאַכט ווי אַזוי צו לעבן און ווי אַזוי צו שלאָגן קאַפּיטאַל פֿון יעדער מינוט, ווייל אַ קאַריערע וואַרט נישט, אַ קאַריערע דאַרף מען קולטיווירן, אַז נישט קען זי נאָך אַן אַנדערער אויסכאַפּן.

אַז דער פּראָפֿעסאָר וויל זיין העפֿלאַך צו מירביים טיש און ער וואַרפֿט מיר אויך צו עטלאַכע גוטמוטיקע ווערטער, קוקט דער סטו־דענט אויף מיר מיט אַ קרומען פּראָפֿיל. דער פּראָפֿיל ווייזט אַרויס סימאָנים פֿון אומגעדולד, ער וואַרט אויף דעם סטראַטעגישן מאָמענט, ווען ער וועט ווידער קענען אַריינקריגן דעם פּראָפֿעסאָר צו זיך אין די ברייטע הענט און ביי אים ווידער זויגן טוירע ווי אַ פּיאַווקע.

ערשט אַז דער פּראָפֿעסאָר און דער סטודענט הויבן זיך אויף, ווערט עס אַביסל לייכטער. דאָס דרייצניעריק מיידעלע ביי אונדזער טיש פֿאַרלירט נישט קיין רעגע, זי נעמט גלייך נאָכמאַכן דעם פּראָפֿע־סאָרס קוויטשל און דעם סטודענטס טרוקענע באַסאָווע שטימע. זי שטעלט צוזאַמען גאַנצע אַבסורדע זאַצן מיט דרייגאָרנדיקע ווערטער אימיטירנדיק דעם הויכן שטאַפּל פֿון דעם געלערנטן דועט.

דער פּאַטער אירער, אַ האַרעפּאַשנער אַמעריקאַנער, מיט אַ רויט פּאָנים, אַ רויטן קאַרק און אַן אויסשלאַג פֿון פּרישטיקעס, וואָס צע־טיילן דאָס פּאָנים אין בערגלאַך און טאָלן, שרייט אויף איר אַן מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט, אָבער ער קען זיך נישט איינהאַלטן. ער פּלאַצט אויס מיט אַ שטורמיקן געלעכטער אין זיין שאָל טיי. ער הוסט, שטיקט זיך, אָבער זיין טעכטערל שפּילט אַלץ קאָמעדיע און ענטפֿערט דעם טאַטן מיט דעם פּראָפֿעסאָרס פֿאַלצעט.

דער האַרעפּאַשנער אַמעריקאַנער מיט די שווערע פֿאַרמאַזאָליעטע הענט און מיט דעם פּאָנים, וואָס קוקט אויס פֿאַרבלאָנדזשעט צווישן די אַלע גרויסשטעטישע פּענימער אין עס־זאַל, ווערט אַליין אויך אַביסל צוגעלאָזענער. ער ווערט לעבעדיקער, ווי עס וואָלטן נאָר וואָס אַוועק צוויי באַגרעבער.

צווישן איין זופּ טיי און דעם אַנדערן, דערציילט ער מיר, אַז ער איז אַן אַלמען, זיין ווייב האָט אים איבערגעלאָזט מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט און ער האָט דאָס קינד אַליין דערצויגן.

איז די דרייצניעריקע טאָכטער, פֿאַרטייטשט ער מיר, אַרויסגעקו־מען אַ זעלטענע קאָמבינאַציע פֿון מיידלשקייט און אינגלשקייט. זי

איז שטיפעריש ווי אַ אינגל און קאָקעטיש ווי אַ מיידל. זי פילט, אַז אין איר טאַטנס הויזגעזינט איז זי די איינציקע פרוי, קאָקעטירט זי מיט דעם אייגענעם טאַטן. די קאָנטראַסטן זעען זיך אַפילו אַן אין איר פעסטן קערפּער און אין דעם פעטן רונדן מיידלשן פּאָנים מיט די לאַכנדיקע, שטיפערישע בלויע אויגן. דער הויט־קאָליר איז טונקל און געזונט. זי קוקט אויס ווי זי וואָלט געווען אינגאַנצן אויסגעקנאָטן פון געשמאַק ראַזעווע ברויט.

די באַציאונג פון טאָכטער צום טאַטן איז ווי פון אַ אינגל צו זיין כאַווער. זי רעדט צו אים ווי צו אַ גלייכן. זי דערלאַנגט אים אַ שפּילעוודיקן פּאַטש מיט די געזונטע הענטלאַך. זי זידלט אים אויך אויס ווי אַ ווייבעלע און גיט אויף אים אַכטונג, אַז ער זאָל נישט עסן צו שנעל און נישט צופיל.

דער טאַטע איז אַזוי סענטימענטאַל פאַרליבט אין זיין טאָכטער, אַז ער האַלט די סענטימענטאַליטעט שטאַרק אַרומגעוויקלט מיט פּופּצן הויטן פון האַרטקייט, אויס מוירע טאָמער וועט ער זיך צעווייגען ביים מינדסטן קוק אויף דער שפּילעוודיקער קאַץ, וואָס זיצט און פּלאַפּלט די גאַנצע צייט ביים טיש און האָט אַפילו דעם מוט אַריינצופאַלן דעם טויבן פּראָפעסאָר אין די רייד אַריין. שפּילט דער טאַטע אויך דער טאָכטערס ראָלע. ער איז אומגעהובלט און גאָסיק־פאַמיליאַר מיט זיין קינד.

ער פאָרט זיך אָפּרוען אויף אַ גאַנץ יאָר ביי זיינע עלטערן אין ענגלאַנד. ער וויל דעם קינד געבן אַ וואַקאַציע און זי אַגעוו באַ־קענען מיט זיידע־באָבע. ער אַליין איז אויך באַרעכטיקט זיך אָפּצו־רוען. אויסער דער פרייד פון זיין טעכטערל, פאַרטרויט ער מיר, האָט ער נישט געהאַט קיין גליקלאַכע מינוט אין זיין לעבן. ער האָט אין זיין לעבן געאַרבעט ווי אַ פערד און געציטערט איבערן קינד. דאָס ציטערן איבערן קינד איז געווען די שווערערע אַרבעט, ער איז געווען דער טאַטע, די מאַמע, דער קוכער און דער אַרבעטער. געאַרבעט האָט ער אין אַ גאָלד־מינע.

עס איז קיין נוצן, זאָגט ער, אין זיין ברייטן, פאַמיליאַרן ענגליש, צו קריגן סימפּאַטיע ביי אַ דורכשניטלאַכן מענטשן, ווען מען זאָגט אים, אַז מען אַרבעט אין אַ גאָלד־מינע. אַ געוועגלאַכער מענטש, אַז ער הערט גאָלד, ווערט אים פריילאַך אויפן האַרצן און ער טראַכט זיך, אַז ביי גאָלד ווערט מען רייך, ווייל ווי קלעפּט זיך נישט צו אַ שטיקל גאָלד אַפילו צום אַרבעטער און דאַן, טראַכט זיך אַ געוויינטלאַכער מענטש, איז גאָלד אַזאַ איידעלער מעטאַל, אַז מען קען דערביי שווער

נישט אַרבעטן. אָבער צו אַרבעטן אין אַ גאָלד־מינע איז פּונקט אַזוי שווער ווי צו אַרבעטן אין אַ קוילן־מינע. די מאַגנאַטן מאַכן דאָס גאָלד און מיר קריגן אַביסל קופּער, און פאַר דעם קופּער דאַרף מען האָ־רעווען.

איז ער אויך באַרעכטיקט זיך אָפּצורוען. ער וועט ליגן גאַנצע טעג אונטער דער זון און זיך וואַרימען ווי אַ הונט. ער באַקלאָגט זיך שטאַרק אויף דער אָנגעצויגנקייט פון די פּאַסאַזשירן אויף דער שיף. ער דערציילט, אַז אויף דער שיף, וואָס ער איז געפאָרן פון קאַליפאָר־ניע קיין ניו־יאָרק, איז געווען לעבעדיק, ווייל אַלע זענען געווען אַמע־ריקאַנער. אַלע זענען געווען צוגעלאָזענע מענטשן און נישט ווי די לע־רער, דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן, וואָס הויבן שוין אָן שטינקען מיט איראָפּע, אַזוי שנעל ווי זיי קומען אויף דער שיף. דאָס זענען אַלץ צווייטקלאַסיקע מענטשן, וואָס ווילן שפּילן אין ערשטקלאַסיקע ראָלע. ער איז טאַקע נישט געבילדעט, אָבער ער איז אויף זיי אַ גרויסער מייווען און ער האָט זיי פּיינט.

ער איז איינער פון די איינזאַמסטע מענטשן אויפן דעק. אפילע זיין טאָכטער האָט געקראָגן כּאַווערטעס, אָבער ער געפינט נישט דעם שליסל צו קיינעם. ווען ער איז שוין גאָר זיכער, אַז זיין טאָכטער זעט נישט, פאַרגאַנוועט ער זיך אין באַר און גיסט אַריין שנעל אַן אָפּשטעל, עטלאָכע טרינק בראַנפן.

און ווען די טאָכטער טרעפט אים און דערשמעקט גלייך, אַז דער טאַטע האָט זיך אַביסל צופיל געלאָזט וואוילגיין, דערלאַנגט זי אים עטלאָכע גוטע פראַסק אין רויטן פּאָנים און ער שווערט זיך מיט טויטע שוואועס פאַר דעם קליינעם פּעטן מיידעלע מיט דעם שאַרף צינגל, אַז דאָס איז פּאָזיטיוו דער לעצטער טרינק. זאָל זי אים וואַרפן צו די שאַרקס, אויב ער וועט נישט האַלטן וואָרט און נעמען נאָך אַ טרינק.

אויפן דעק איז דאָ אַזויפיל זון, אַז ס׳דוכט זיך יעדער איינער איז אַרומגעוויקלט מיט אַ דינער שיכט זון ווי מיט צעלאָפאַן. צווישן שמייכל און שמייכל איז דאָ זון, צווישן גוטמאָרגן און גוטמאָרגן אַ שטיק זון. זון אויף הענט, העלדזער, דעקאָליטירטע פּלייצעס, פעני־מער. די אָנצוגן, קליידער, זאָקן און אויגן קוקן אויס וואַרימער, ליכ־טיקער און דורכזיכטיקער. די הערעלאַך אויף די נאַקעטע פרויענפיס, וואָס זענען אויסגעשטרעקט אויף די זונשטולן, ווי אויף באשוי, שפּילן זיך אין דער זון ווי גרעזלאַך. דער פלאַטערדיקער פּוך קוקט אויס קינדיש־ליב, אַקוראַט ווי דימענטלאַך פון זון־שטויב אין דעם

בעזים, וואָס שיסט אַמאָל אַריין, אַן עק פון אַ קאָמעט אין אַ זון־באַגאָסן צימער.

דער פרייז־פּיטער, וואָס פּלעגט ליגן גאַנצע טעג אַ באַשמירטער מיט פעטס און זיך שמעלצן, גייט שוין אַרום אויף די פיס און שמייכלט אויך זוניג. ער האָט זיך שוין אַ היבש ביסל אַקלימאַטיזירט און אַרונטערגעלאָזט פון זיין אַטלעטישער ווירדע. ער גייט שוין אַרום מיט אַ ווייבל ווי אַ ליאַדע מאַנספּערשוין און פּאַרגעסט אַפילו צו אַק־צענטירן זיינע טריט אָדער צו הויבן דעם ברוסט־קאַסטן. ער טראָגט נאָך אַלץ דעם וואוילאַיגגלערישן סוועטער פאַרקאַלנערט אַרום האַלדז און דעם דאַשעק פון היטל, אַן אַ זייט, אָבער ער שרעקט שוין מער נישט מיט זיין גוואורע. פאַרקערט, זיין דאַמע וואָס ער האָט זיך אָפּגעזוכט קוקט גאָר אויס ווי אַ פרייז־פּיטערן. זי טרעט שווער אויף אירע סאַנדאַלן מיט איר גאַנץ היבשער וואָג. אירע רויט־גע־פאַרבטע פיספינגער, אירע פּעטגעפאַרבטע באַקן, אירע קלעפּיק־גע־פאַרבטע ליפּן, אירע עטלאַכע גאָלדענע ציינדלאַך און איר אונטערגע־הויבענער שווערער בוזעם באַלאָדן מיט אַלדאָסגוטס, פּאַסן זיך אַזוי שטאַרק צו זיין איינגעפאַלענער נאָז, אַז קיין בעסערן שידעך האָט אים קיינער נישט געקענט צוקלויבן.

הינטער אים, מיט טריטעלאַך פון אַ שערלאָק האָלמס, גייט אַליין פאַר זיך זיין מענעדזשער און „מאַן־פרייטאָג”. ער מאַכט זיך קילע־יאָדע ווי ער וואָלט געקוקט אויף דעם נעכטיקן טאָג און געטראַכט פון הימל אַ יאַריד, אָבער אינדערעמעסן לאָזט ער נישט אָפּ קיין אויג פון זיין שטיקל ברויט. ער גייט אַליין פאַר זיך, ווייל ער איז צופיל געשעפטסמאַן, ער זאָל זיך לאָזן פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט שיף־ווייבער — אַז ביי אים איז גאָר דער קאָפּ פאַרנומען מיט פּלענער, כעשבוינעס און גאַנצע סטראַטעגיקעס.

דער דאָקטאָר, וואָס טשאַטעוועט שוין אויף מיר עטלאַכע טעג, האָט מיך ענדלאַך דערטאַפּט. ער האָט אַן צערעמאָניעס געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט צו זיין ווייב, אַז זי זאָל זיך פאַרנעמען און גיין איר וועג און ער האָט מיר גלייך געגומען ערקלערן מיט אַלע איינצל־הייטן, ווי אַזוי ער האָט ענדלאַך ענטדעקט אַ רעפּוע פאַר דער אומ־היילבאַרער „אַדיסאָן־קראַנקהייט”.

דער כירורג מיט די קליינע פּעטע הענטלאַך און דעם קיילעכדיקן פּאָנים, כאַפּט דעם אָנבליק פון אַ קלוגן הונט. ערטערווייז זענען די באַקן זיינע באַצירט מיט רויטע, אַזש בלויע פלעקן. ער איז אַ ניד־ריקער, אָבער ווען ער רעדט טענצלט ער אונטער און שפּרינגט אין

פּאַנים אַריין. זיין פּראַקטיקע איז איינגעטיילט אויף אַ האַלב יאָר אַמע־ריקע און אַ האַלב יאָר איראָפּע. אַמאָל האָט איראָפּע געמיינט דייטש־לאַנד, אָבער איצט, זאָגט ער מיט אַ זיפץ, איז עס אויסגעשלאָסן! פאָרט ער קיין עסטרייך צו אַ קאָנגרעס פון דאָקטוירים, וואו ער וועט אויפטרעטן און אַנטפּלעקן זיין היילמיטל פאַר דער „אַדיסאָן־קראַנקהייט”.

ער איז מיר מאַסביר אויף זיין גראַטעסק פון אידיש־דייטש־ענגליש און עטלאַכע גוט־אָפּגענוצטע העברעאישע פּסוקים, אַז אין אַלגעמיין זענען דאָקטוירים אייגנטלאַך — דאָ קומט אַביסל אַ גרעבלאַך וואָרט, וואָס דער דאָקטאָר רעדט אַרויס מיט אַ ווילדער האַנאָע. ער מאַכט אַ שטיקל פּויזע צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס שאַרפע וואָרט האָט געמאַכט אויף מיר און צי איך האָב געכאַפּט אויף ווי ווייט זיינע פאַך־קאָלעגן זענען נישט קיין כאַכאָמים. דאָס וואָרט זאָגט ער אין מערצאָל און ער פּאַסמאַקעוועט זיך, ער שרייט עס אויס הויך, אַז אַלע זאָלן הערן.

אָט־וואָס דאָקטוירים זענען! יו טינק — זאָגט ער אויף זיין דייטשמערישן ענגליש און ער פאַלט גלייך אַריין אין אַ אידישער אינטאָנאַציע, אַז אַ דאָקטאָר איז מי יוידייאָ וואָס פאַר אַ קלעווער מען, אָבער, ווענדט ער זיך שוין צוטרוילאַך צו אַ קריסטלאַכער דאַמע וואָס גייט לעבן מיר, די טרוט איז אַ פיזישן איז אַ —

ער ענדיקט זיין זאַץ ווידער מיט דעם אידישן וואָרט און ווידער מיט כסידישער היסלאָוועס, דאָס וואָרט וואָס איז פאַר אים דער נאָן פּלוס אולטראַ פון איבערגעבן די אומגעהייערע טיפּשעס פון דאָקטוי־רים. די באַגלייטערן מיינע זוכט שוץ ביי מיר קעגן דעם אומפּאַר־שטענדלאַכן אויסדרוק און דער דאָקטאָר באַשטייט דאַווקע, אַז איך זאָל עס איבערזעצן.

טעל האָר, זאָגט ער, וואָט איט מיענס, איטס נאָ שעים! איטס יומען.

די קריסטין כאַפּט זיך, אַז עס איז עפּעס נישט גאָר דעליקאַט און אויס מוירע, טאָמער נעם איך און זעץ עס טאַקע איבער, גליטשט זי זיך זייער עלעגאַנט אַרויס פון אונדזערע הענט און פאַרשווינדט.

איר זעט — רייבט ער זיך די פעטע הענטלאַך פון גרויס פאַרגע־ניגן. — איך האָב זי פאַרטריבן. איך האָב פיינט, אַז ס׳פּלאָנטערן זיך ווייבער, ווען מענער רעדן פון ערנסטע איניאָנים.

און דאָ גייט ער אַביסל אָוועק אין אַ זייט און גיט מיר אַ גאַנצע לעקציע, ווי עקאָנאָמיש מען דאַרף זיין מיט ווייבער: פלירטן, פריילאַך

מאַכן, זיך נאַריש מאַכן, מייכעטייסע, אָבער — פּרעזערווירט אייער מענערשע ענערגיע, אייער לעבנס־זאַפט! פאַרשווענדט נישט אייערע קויכעס! לערנט זיך אויס האַנאָע צו האָבן פון לעבן און צו זיין שפּאָרזאַם! עס איז נישט קיין „מעין המתגבר״! דאָס זאָגט אייך אַ גרויסער דאָקטאָר און נישט גלאַט אַזוי אַ דאָקטאָרל וואָס איז, איר ווייסט שוין אַליין, וואָס. אָבער ער וויל, כאַלילע, נישט ריזיקירן און ער זאָגט מיר ווידעראַמאָל וואָס דאָקטוירים זענען. דאָס ווייב זיינס קומט אים אַנטקעגן און ער טיילט זיך מיט איר אויך וואָס דאָקטוירים זענען — זאָל זי אויך האַנאָע האָבן. זי שמייכלט אין פאַרלעגנהייט און גייט ווייטער איר וועג.

די לאַטווישע דאַמע גייט פאַרביי און באַגריסט מיך. איך שטעל פאָר דעם דאָקטאָר און ער נעמט גלייך אויסנוצן די געלעגנהייט. ער שפּאַצירט איבער איר מיט די הענט אונטער דעם אויסרייד, אַז זי האָט אַ שיינעם האַלדז, אַ געזונטע הויט, אַ פיין אַנטוויקלטן ביוסט, אַן עמעס פּראָפּאָרציאָנעלע פּלייצע. זיינע פעטע הענטלעך לאָזן זיך וואוילגיין, ביז זי דערשמעקט, אַז דאָס איז עפּעס מער ווי אַ דאָקטאָרשע אונטער־זוכונג און זי אַנטשולדיקט זיך.

אָט האָב איך אייך געגעבן אַן אילוסטרירטע לעקציע. מען קען נישט זאָגן, אַז כ׳האָב קיין האַנאָע נישט געהאַט פון אַ גלעט אַהין און אַ גלעט אַהער, אָבער דער איקער איז זיך צו האַלטן ווי אַ מאַן און פּרעזערווירן דעם קוואַל פון ענערגיע.

ער דערקלערט מיר, אַז דעם פּאַטאַלסטן טאָעס וואָס דאָקטוירים מאַכן איז צו רעדן וועגן פאַרשידענע קראַנקהייטן. דער עמעס איז, אַז עס זענען נישטאָ קיין באַזונדערע קראַנקהייטן. מענטשן ווערן איינגעטיילט אין צוויי קלאַסן — אין געזונטע און קראַנקע. אַזוי עלעמענטאַר איז עס, נאָר דאָקטוירים האָבן עס פאַרפּאַטשקעט מיט קאָמפּליצירטע טעאָריעס. אַ געזונטער מענטש האָט אַלע קראַנקהייטן, אָבער ער באַמייסטערט זיי, ער האַלט זיינע גלידער אין האַרמאָניע. ער ריטמיזירט זיין לעבן. ביי אַ קראַנקן מענטשן צעשפּילן זיך אַלע זיינע אַזוי גערופענע קראַנקהייטן מיטאַמאָל און זיי ווערן די הערשער פון דער סיטואַציע. נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי ראַק אַליין פאַר זיך. אַז אַ מענטש איז קראַנק האָט ער די נייגונג צו האָבן אַ ראַק, האַלט ער ביי קריגן סוכאָטע, איז ער גרייט צו שטאַרבן פון לונגן־אַנטצינדונג — האַקלאַל, ער האָט אַלץ וואָס אין פּאָסעק שטייט. אַ דאָקטאָר אַ — איר ווייסט שוין אַליין וואָס איך מיין, טאַפּט אָן און זוכט אויס אַ באַ־זונדערע קראַנקהייט. אַ גליק האָט אים געטראָפן! דיאַגנאָזע! ער־

נעמט גלייך און באַמבאַרדירט די דאָזיקע קראַנקהייט מיט מעדיצי־ נישע שמאָכטעס און פאַרזעט דאָס גאַנצע פעלד, דעם מענטשלאָכן קערפּער. אַזאַ פּראַקטיקע איז ווי אַמאַטאָרישע קונסט. עס האָט גאָר־ נישט צו טאָן מיט לעבן און איז נישט מענטשלאַך. ער טאַפּט אַ קראַנק־ הייט אין דער פינצטער און פאַרזעט בעאייס מייסע דעם קראַנקן מענטשן, וואָס אַלץ איז ביי אים אַרויס פון די האַלאַבליעס. ער, דאָס דאָקטאָרל, פאַרשטייט נישט, אַז ער האָט צו טאָן מיט האַרמאָניע און דיסהאַרמאָ־ ניע. ער לייגט צו דעם סטעטאָסקאָפּ, הערט זיך צו צום האַרץ — איר ווייסט, וואָס אַזוינס אַ האַרץ איז? יענער דאָקטאָר ווייסט אויך נישט, פייפט אים אַריין אין די אויערן. ווען מען הערט זיך גוט צו צום האַרץ הערט מען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, אַ גרויסע וואַגנער־דראַמע. אַט פּאָמפּעט עס זיגרייך ווי ביים רייטן פון די וואַלקירע, אויף די הימלישע קאָפּיטעס און אַט קומט דער קויל דמאָמע דאַקאָ — ליבעסטאָד. ברוך דיין אמת!

ער פאַרשלעפּט מיך אין אַ ווינקל און נעמט אַרויס אַ בראָשורע פון בוזימקעשענע.

אַט וועל איך אייך פאָרלעזן אַ לעקציע, וואָס איך האָב געהאַלטן אין 1900. די לעקציע וואָס איז דאַן פאַרעפנטלאָכט געוואָרן, האָט געמאַכט אַ פּוראָר אין דער גאַנצער מעדיצינישער וועלט און האָט מיך גלייך אַוועקגעשטעלט אין די פראָנט רייען פון די גאָר גרויסע מעדיצינער פון אונדזער דאָר.

אַנטקעגן וואָס וויל איך אייך פלוצים לייענען אַ מעדיצינישע לעקציע? ווייל איך וויל אייך באַווייזן, אַז מעדיצין איז די אַלערהעכטע פּאָעזיע. הערט זיך פריער צו צום קלאָפּ און פאַל פון ווערטער, וואָס זענען שוין קלאַסיש; קיינער צווייפלט שוין נישט, אַז דאָס איז פּאָעזיע, אַז דאָס איז געזאַנג פון זילבן:

She walks in beauty, like the night
Of cloudless climes and starry skies;
And all that's best of dark and bright
Meet in her aspect and her eyes.

יעדעס ביידער־אינגל ווייסט, אַז דאָס איז פּאָעזיע —

She walks in beauty, like the night

ער דעקלאַמירט עס מיט טראָפּ און טאַנצט אויס בעאייס ער מעסט די שורע, אונטערשטרייכנדיק די אַקצענטירטע זילבן און אַרונטערפאַנפנדיק די נישט אַקצענטירטע. ער שטרענגט זיך אָן צו

לייענען אַזוי, אַז מען זאָל קריגן אַ באַגריף ווי שיין די שורע איז געשניצט.

האַלט אין קאָפּ דעמזעלבן ריטם און דיזעלבע מוזיק און איר וועט זען, אַז אָט־די מוזיק איז אייגנטלאַך געווען דער פונדאַמענט פון מיין מעדיצינישער לעקציע. געדענקט־זשע נאָכאַמאָל —

And all that's best of dark and bright

אָבער לייגט צו קאָפּ. עס כאַפּט זיך נישט אַזוי לייכט, לאָזט פריי אייער נעשאָמע, נעמט אַרונטער די לאַפּעס פון איר און זאָל זי זיך צעזינגען אַנדאַנטע קאַנטאַבילע.

ער ווערט גאָר אַן אַנדער מענטש. זיינע אויגן ווערן פאַרהויכטע שויבן אין אַ רעגן. דאָס פאַרגרעבטע פּנים ווערט אַביסל געלייטערט. ער קלאַפּט צו מיט דעם פוס צום טאַקט ביי יעדן זאַץ. אויף זיין פּנים רויטלט זיך אַ געפיל, וואָס איז אַ געמיש פון שעמעוודיקייט און גרויסהאַלטעריי. ער זעט אויס ווי אַ פּראָווינציעלער מעכאַבער. ער לייענט אַ ווערק, וואָס האָט אים געקאָסט האַרץ, ער פילט, אַז דערפאַר קומט אים דער סאַמע אויבנאָן ביים טיש פון אומשטערבלאַכקייט, וואו מען שניידט די גרויסע לאַכמעס לויב־געזאַנגען און שטיקער לעוויאָסן אַנערקענונג און מען כאַפּט שיראַיִעם פון האָמערס און שעקספּירס זינגענדיקע פינגער.

דער ביראָנישער צויבער פון זיין פּאָעטישן מוסטער איז שוין לאַנג אויסגעוועפּט געוואָרן פון מיין זיקאָרן, אָבער ער זינגט נאָך אַלץ אויס זיין טראַקטאַט. די לענגסטע מעדיצינישע טערמינען, וואָס באַטייטן אַלערליי מיעסע און עקלהאַפּטע בלוטקראַנקהייטן, הויטקראַנקהייטן, מאָגנקראַנקהייטן, לעבערקראַנקהייטן, זינגט ער אויס און מאַכט מיט די פּיסלאַך טערפּסיכאָריש, ווי די ווערטער וואָלטן געווען כאָלעמשפּראַך, בלויז דינער פאַנטאָמים־מאַטעריאַל פאַר אַ טאַנץ.

ער לייענט און פלאַקערט, פלאַקערט און לייענט. נאָך אַ שטונדיקער דעקלאַמאַציע לייגט ער צוריק די בראָשורע אין בוזימקעשענע מיט אַ דערקלערונג, אַז ער האָט מיר בלויז געוואָלט באַווייזן וואָס אַזוינס מעדיצין איז. מעדיצין איז מיסטיק, אינטואיציע, מוזיק, פּאָעזיע. פאַרשטייט זיך, אויב עס ווערט פּראַקטיצירט פון אַ דאָקטאָר און נישט פון א

און דאָ גיט ער אַ צעפּראַל די מעגושעמדיקע ליפּן און ס׳גיט זיך ווידער אַ קייקל אַרויס זיין באַליבט וואָרט. דאָס פּנים קריגט צוריק די בלוי־רויטע פלעקן, אַלס ווערט צוריק איינגעפּלעטשט. ער שרייט

אויס דאָס וואָרט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, קעדיי צו זיין אַבסאָלוט זיכער, אַז יעדער איינער הערט עס. און מיט דערזעלבער היספּיילעס וואָס ער האָט ערשט געכאַפּט פון בייראָנס שורעס און דערצו נאָך מיט אַ היבשן צוגאָב פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, רופט ער אויס:

אַ מאַקע האָבן גויעם אַזאַ מעכאַיעדיק וואָרט!

## II

אויף אַ באַנק זיצט אַ מאַן וואָס טראָגט אַ פראַנצויזיש יאַרמולקעלע אויפן קאָפּ און וואָס קאָקעטירט מיט אַ פּירעקעכדיקער גרייז־גרויער באָרד. ער האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט זיינע פלעגמאַטישע גימנאַס־טישע איבונגען און איצט זיצט ער און טיינעט זיך אויס מיט צוויי יונגע מיידלאַך וואָס דאַמלען זיך. זיי קוקן דעם אַלטן אַנשטעלער אין מויל אַריין און דער אַלטער האָט אַ פאַרפירערישע יונגע שטים, ווי ער וואָלט געשפּילט פּלייט. די שטים איז מאַרגנדיק דורכגעשווענקט און ריין, ער פאַרהאַלט אונדז עלעגאַנט מיט דער באַמערקונג, אַז דאָס איז שוין דאָס 67טע מאָל, וואָס ער קרייצט דעם אַטלאַנטיק, אָבער אַזאַ וואונדערבאַרע רייזע געדענקט ער נישט.

די לופט איז שאַמפּאַניער! — ער פאָכעט מיט די נאָזלעכער און אָטעמט אַריין און אַרויס מיט שטודירטער רעגלמעסיקייט עטלאָכע מאָל.

דער דאָקטאָר פאַרלירט נישט קיין רעגע. ער נעמט גלייך פּראַק־טיצירן אויף די יונגע מיידלאַך, אָבער זיי אַנטלויפן ביידע ווי צוויי דערשראָקענע הינדלאַך.

אַז די מיידלאַך האָבן זיך אָפּגעטראָגן און דער באַבערדלטער דערפילט זיך אין מענערשער קאָמפּאַניע גיט ער אַ זאָג אַרויס אַ גראָב וואָרט אויפן כעשבן פון די מיידלאַך, אָבער אַלץ מיט דערזעלבער איי־דעלער פלייטן־שטים. ער רעדט און רעדט און רעדט און דערציילט וועגן זיך, אָבער וואָס מער ער דערציילט, אַלץ ווייניקער ווערט מען געוואָר, ווער ער איז. ער הייסט לאַוסאָן און אַמאָל זאָגט ער, איז ער געוועזן גאָר־גאָר, קימאַט אין מיליאָנערן קלאַס. היינט איז ער — ווער ווייסט וואָס ער איז?

ער ווייסט אַלץ. ער רעדט אויסגעצייכנט אַ פיר־פינף שפּראַכן און אַלץ מיט דערזעלבער זיכערקייט און אויף דערזעלבער פלייט. כאָטש ער איז אַ קריסט, איז ער גוט באַהאַוונט אין אידישע איניאָנים, ווייסט אַלץ וואָס מען דאַרף וויסן וועגן ציאָניזם, קען אַפילו די נעמען פון אידישע צייטונגען און —

איך האָב ליב אַ איד, אָבער ער זאָל זיין אַ איד. איך האָב פיינט בלאָף. בלאָפן קען איך אַליין. אַמאָל האָב איך געזאָגט צום באַנקיר אָטאָ (מיר האָבן זיך גערופן ביי די ערשטע נעמען) ביזט אַ לויז! נישט קיין איד און נישט קיין טערק. אַ לויז ביסטו, אָטאָ! און ער, אָטאָ, ענטפערט מיר — ווינסענט, ביזט גערעכט, אָבער מען דאַרף לעבן אויף דער וועלט און מאַכן עטלאַכע דאָלאַר. דערפאַר איז דער ראַביי אייערער אַ פרינץ. סטיפען זאָג איך צו אים, זאָג איך, פאַלט דיר עפּעס שווער צו פירן דאָס האַרטנעקיגע אידישע פאָלק און סטיפען לאַכט און ברומט אויף זיין באַס. פאַרשטייט זיך, אַז פעליקס איז גאָר אַן אַנדערער טיפּ איד ווי אָטאָ איז געווען. אַוואַדע האָב איך געקענט דעם אַלטן דזשייקאָב, דעם קליינעם יאַהודי, וואָס האָט געשאַרט גאָלד אין אַמעריקע, גערעדט מיט אַ דייטשן אַקצענט, דער פילאַנטראָפּ וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ פייג פאַר איסראַעל. אוי איז דאָס געווען, און זיין זון, אָבער דע מאַרטואיס ניל ניסי באָנום, כאָטש אָטאָ איז שוין אויך מיט די הייליקע. איך וואָלט געוואָלט זען מיט וועלכע הייליקע אָטאָ האָט זיך אַוועקגעזעצט. איך וועט זיך, אַז ער האָט געסנאָבט אייער באַנדע הייליקע און גלייך געטראָפן צו אונדזערע מאַרטירער פון דער קירכע. איך האָב ליב אידן. אין מיר מוז זיצן אַ אידישע נעשאָמע. ניינציק פּראָצענט פון מיינע געליבטע זענען געווען אידישע, און מיינע ערשטע צוויי ווייבער זענען אויך געווען אידישע און דאַווקע זיי, די אידישע, האָבן קיינמאָל נישט פאַרלאַנגט קיין סענט אַלימאָני. און אַמאָל מאַך איך אַזוי צו רוזוועלטן: ווער מען בלאָפסטו? ווער מען ווילסטו בלאָפן מיט סאָציאַליזם צווישן קאַפּיטאַליסטן און קאַפּיטאַליזם צווישן סאָציאַליסטן? אָבער רוזוועלט פאַרשטייט אַ קיבעץ, ער איז אַ דורכגעטריבענער פּאָליטישן וואָס שפּילט אויסגעצייכנט דעם שטאַטסמאַן, ער איז אַן עמעסער אַמעריקאַנער. וואָס איז אַזוינס אַן עמעסער אַמעריקאַנער? קוידעמקאָל אַ גוטער פאַמיליען־פאַטער. ווען איך וואָלט געווען אַ גוטער פאַמיליען־פאַטער, וואָלט איך געווען אויפן סאָמע שפּיץ פון לייטער. האָב איך אָבער, אין דר׳ערד אַריין, ווילד בלוט אין זיך.

דער דאָקטאָר וואָס האָט געמוזט שווייגן אונטער דעם מאַבל פון רייד, האָט ענדלאַך געקראָגן אַ געלעגנהייט זיך אַנצוכאַפּן אין דעם ווילדן בלוט. ער האָט גענומען דערלאַנגען אַ לעקציע ווי אַזוי מען דאַרף צאַמען אַזאַ ווילד בלוט, אָבער מר. לאַוסאָן האָט אים איבערגעשלאָגן און גענומען רעדן אויטאָריטעטיש איבער מעדיצין אויך. דאָס איז שוין געווען צופיל פאַר דעם דאָקטאָר און ווען איך האָב געזען,

אַז ער איז גרייט אַט־אַט צו עקספּלאָדירן, האָב איך באַצייטנס גענומען און ערקלערט מר. לאָוסאָנ׳ן, אַז מיר האָבן דאָ פּאָר זיך איינעם פון די באַרימטסטע ניו־יאָרקער כירורגען.

מר. לאָוסאָן איז נישט געפאַלן ביי זיך און איז קנאַפּ ניס־פּאָעל געוואָרן, ער האָט שוין געהאַט גרייט אַ געשיכטע וועגן זיין נאַנטשאַפט מיט דר. אַלעקסיס —

אָבער נאָך איידער ער האָט געקראָגן אַ געלעגנהייט אַרויסצו־רעדן דעם צווייטן נאָמען, איז דער דאָקטאָר אויפגעשפּרונגען, זיינע בלויע פלעקן זענען געוואָרן אָנגעגאָסן מיט אַלט בלוט און דאָס גאַנצע פּאָנים האָט אויסגעקוקט ווי די שאָלאַכץ פון אַ פּאַטלאַדזשאַן.

זאָגט אייער אַלעקסיס׳ן, אַז ער איז אַ — און דער דאָקטאָר האָט פאַר לאָוסאָנ׳ן אַרויסגערעדט דאָס ליבע וואָרט מיט אַזוי פיל האַרץ, אַז אַפילו אַ קריסט זאָל עס קענען כאַפּן. — ווייסט איר וואָס דאָס איז אַזוינס?

צי לאָוסאָן ווייסט? ער האָט געלאַכט מיט אַ ווילד געלעכטער. אַוואַדע ווייסט ער גאַנץ גוט וואָס דאָס איז אַזוינס. בלויז דער פאַקט וואָס אַ קריסט פאַרשטייט גוט דעם טאַם פון זיין באַליבט וואָרט האָט דעם דאָקטאָר אַביסל באַרואיקט.

רעגט זיך נישט אויף! אייער פּולס מוז איצט שלאָגן ווי אַ האַ־מער, אייער בלוט־דרוק האָט מיסטאָמע אַרויפגעטאַנצט און אייער האַרץ —

זאָרגט זיך נאָר נישט פאַר מיין פּולס און פאַר מיין האַרץ, זאָגט שוין דער דאָקטאָר אַביסל געלאַסענער — האַרץ און בלוט־דרוק לאָזט איבער צו מיר. וואָס איז אייער פּראָפעסיע?

מר. לאָוסאָן האָט דערויף געגעבן עפּשער גאַנצע צוואַנציק ענט־פערס, אָבער מיר זענעןביידע נישט קליגער געוואָרן. עס זאָל הייסן, אַז ער איז עפּעס אַ נאַנטער שמעלקע מיט גרויספינאַנץ, מיט וואָל־סטריט און מיט געלט, געלט. געלט וואָס קלעטערט אַרויף און געלט וואָס ליגט אין דער אַדאָמע. היינט יאַכטשיפן און מאַרגן די גאַז־רער אָדער אַ שטריק אויפן האַלדז, דזשאַנגל, כאַיעס, מען בייסט זיך און גלייך אין די גאָרגלען. גאַנאָווים וואָס נעמען ביי דיר אַרויס עטלאַכע מיליאָן מיט אַ שמייכל, אָבער ער קען זייער שפּיל אויסגעצייכנט. ער איז אַזוי קלוג ווי זיי און פּונקט אַזאַ פערד־גאַנעוו. אַט לאָמיר נעמען קופער—

אָ, ניין! דער דאָקטאָר וועט אים נישט לאָזן נעמען קופער — דאָ איז ער שוין אויפגעשפּרונגען מיט מער קאַס, ווי בעאַיס עס האָט זיך

געהאַנדלט וועגן האַרץ און וועגן בלוט־דרוק — אים וועט ער דערציילן וועגן קופּער! אַ שאַרלאַטן זענט איר, אַן אויסוואורף, אַ ליגנער! אים וועט ער געבן אַ לעקציע אין קופּער, ער וועט נישט דערלאָזן, אַז אַ ליאַדע־ווער זאָל אים לערנען וועגן קופּער. 250 טויזנט דאָלאַר האָט ער אַוועקגעלאָזט מיטן רויך אויף קופּער, זיין גאַנצע מי און האַרע־וואַניע איז אַוועק אויף קופּער און דאָס איבעריקע האָט אויסגעליידיקט מר. מאַרקוס און זיין פּאַטריאָטישע באַנק, וועט דער־אַ אים לערנען וועגן קופּער. ליגנער! וואָלסטריטער גאַנעוו!

דאָ איז אונטערגעקומען דעם דאָקטאָרס ווייב. זי האָט אים גע־נומען באַרואיקן מיט אַלע בעסטע מיטלען. דער דאָקטאָר האָט איב־גאַנצן געציטערט. אים האָט ספּעציעל פאַרדראָסן וואָס דער מר. לאו־סאָן זיצט רואיק מיט אַ גנייוועש שמייכעלע, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין אַ שטרוי און אויסגעשריען:

קופּער ווייסט ער אויך אָט־דער קופּערנער —

ער האָט זיך געלאָזט אַוועקפירן ווי אַ קליין קינד און צום ווייב האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין שרייען —

אָט דער־אַ — דאָ איז ווידער געקומען ווי אַ באַלזאַם דער ליבער עפּיטעט — וויל עס מיך לערנען וועגן קופּער.

מר. לאוסאָן איז אַלץ נישט געווען געפּלעפּט. ער האָט צוריק אָנגע־שטעלט זיין בעסטע שטים און מיט גרויס ראַכמאָנעס קימאַט דעק־לאַמירט אויף דעם מוזיקאַלישן גאַרגעל.

אָט דאָס זענען זיי, די קאַרבאַנעס, אין די צענדליקער טויזנטער איבער גאַנץ אַמעריקע. אָט־די צוטרוילאַכע, וואָס האָבן צוריק אויס־געשפּיגן די גאַנצע קולידזש־פּראָספּעריטי, הואווערס צווייי הינער אין יעדן טאָפּ, און גלייך אין די קעשענעס פון וואָלסטריט. אַ ראַכמאָנעס. ווען איך וואָלט געווען געוואוסט וואָלט איך נישט דער־מאָנט קופּער, ווען מען גיט מיר אַ מיליאָן. אַזאַ מענטשן טוט עס וויי — זאָגט מר. לאוסאָן מיט אַ געמאַכטער פייערלאַכקייט. אָבער מען זעט, אַז ער עסט זיך קנאַפּ אָפּ דאָס האַרץ פון דער גאַנצער גע־שיכטע, אַפילע נישט פון די באַליידיגונגען.

דער דאָקטאָר שפּאַנט אַרום און אַרום דעם גאַנצן דעק איינמאָל און צווייימאָל. ער וואַרפט בייזע, פאַרניכטנדיקע בליקן אויף מר. לאו־סאָנען. מר. לאוסאָן קוקט אים נאָך אַלץ אָן מיט אַ געמאַכטער ראַכ־מאָנעס־מינע און מיט דעם באַהאַלטענעם גיפטיק שמייכעלע, וואָס וואָלט דעם דאָקטאָר נישט געגעבן קיין ניקל אַפּילע, ווען ער זאָל זיך האַלטן ביי אויסשטרעקן אָדער ביי פאַרוואַרפן אַ פּעטליע אַרום האַלדז.

ביי דעם דריטן אַרום און אַרום בלייבט דער דאָקטאָר ווידער שטיין פּאָר אונדז און ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען פרעגט ער מר. לאוסאַנען:

איר שפּילט עפּשער שאַך? יאָ! איר שפּילט? אַז איר זענט שוין יאָ אַזאַ כאַכעם, קריגט איר ביי מיר אַ ריטער פאָר און אויב איר וועט מיך שיין בעטן אַ גאַנצן ראַך — קומט וועט איר קיבעצן.

איך זאָג זיך אָפּ פון פאַרגעניגן און בלייב אויפן דעק.

דער בעסאַראַבישער איד פון באַגאָטא כאַפּט זיך גאָר מיט מיר אַרום. ער זוכט מיך שוין עטלאַכע טעג און קען מיך נישט געפינען.

וואו דריי איך זיך אַרום? מיט גויעם אָדער מיט שיקסעס? איי די שיקסעס! איר זעט דאָרט אַ שיקסל? די־אָ מיט די באַקע־טע פּיס, וואָס זיצט און שטריקט און כאַטש גיב איר אַ מאַקע, קוקט זי נישט אויף קיינעם. איך דריי זיך שוין האַקאַפּעס אַרום איר זייט דעם ערשטן טאָג אויף דער שיף. און מיינט איר נאָר איך אַליין? אַ גאַנצע טשאַטע הונגעריקע וועלף. אָבער זי שענקט נישט קיינעם אַ קוק. מיינט איר, עפּשער, די גאַנעווטע ווייסט נעבעך נישט, אַז מען קוקט אויף איר? אוי ווייסט זי! זי לעבט דערפון. זי האָט עס ליב. און עפּשער פאַלט אייך כאַלילע איין, אַז דאָס איז אַ קראַסאַוויצע, אַ נעכטיקער טאָג! דאָס הייסט, וואָס מענטשן רופן געוועגלאַך אַ קראַ־סאַוויצע איז דאָס שטיק שלאַק ווייט דערפון, ווי איך בין איצט ווייט פון באַגאָטאַ. הויט און ביינער און פּיסלאַך ווי שלאַנגען. איר זעט עפּעס ווי זיי זי קאָרטשען זיך אַרויף און אַראָפּ, ווי זי פאַרשלייפט איין פוס אין דעם אַנדערן און שלייפט אים אָפּ — קען אַלע קעצענע שפּיצ־לאַך. האָט אַפילע אונטערגעשאָטנטע אויגן פון אַזויפיל זינדיקע מאַכ־שאָוועס. וואָס אַרט אייך? איך בין אַ מייווען אויף די זאַכן. איך בין זיך גרייט צו וועטן, אַז די אַלע שיינהייטן, די פון וועלכע מען לייענט אין די היסטאָריעס און מאַנסעביכלאַך, די וואָס האָבן גוט אויסגעזויגן די מאַנסבילן, זענען געווען קנאַפּע קראַסאַוויצעס, די שיינע העלענאַס, די קלעאָפּאַטרעס — אַזעלכע דאַרע כאַלערעס זענען דאָס געווען ווי דאָס שיקסל. רעשאָאים וואָס האָבן אין זיך געזאַמלט געהענעם־פייער, פייער אויף פייער, נישט פאַרגונען קיינעם קיין שמייכל, טאָמער וועט יענער כאַלילע האַנאָע האָבן און טאָמער וועט עס אַליין האָבן אַביסל פאַרגעניגן. פאַרברענט געוואָרן טאָג און נאַכט, ביז זיי האָבן ענדלאַך אַריינגעכאַפּט דעם ריכטיקן לעשטש, וועמען זיי האָבן געוואָלט און, ווייל צו זיין לעבן, מיט אַזאַ כעוורעמאַן רעכענען זיי זיך אָפּ פאַר אַלע צייטן און פאַרסאַרפן אים, פאַרברענען אים אויף

טויט. איר מיינט איך ווייס נישט, מען דאַרף פון אַזעלכע מאַכשייפעס וויכן און לויפן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, אָבער גיי לויף, אַז איך דריי זיך שוין עטלאַכע טעג אַרום דעם שיקסל ווי אַ לעקיש און זי, גלויבט מיר, ווען איך וואָלט געווען אַ ציבעלע, אָדער אַ רעטאַך, וואָלט זי מיך אַסאַך מער באַמערקט. זייט־זשע מיר געזונט. איך גיי זיך שוין וויטער דרייען. ס'איז נעכטיקע טעג און אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט, אָבער עפשער וועט פאָרט עפּעס אַרויסקריכן דערפון.

נישט ווייט פון מיר גייט אָן אַ הייסער געשפּרעך וועגן ביכער, און אַזוי ווי מיין אַלטבאַקאַנטער דענישער פריינט איז איינער פון די געשפּרעכלער, באַנוצט ער זיך מיט פאַרשידענע שפּיצלאַך מיך אויך אַריינצוציען. ער פאַרטשעפּעט מיך מיט ווערטער און לייגט גאַנצע נעצן מיך צו פאַנגען, אָבער איך ווער זיך מיט אַלע קויכעס.

אָן אויסגעדאַרטער יונגערמאַן מיט אַ קליין, שמאָל קעפּל רעדט עקספּערט־מעסיג וועגן דער אַמעריקאַנער בוך־אינדוסטריע, וועגן שרייבער, וועגן גריניטש ווילעדזש, וועגן זיין ברודער וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אין ווילעדזש און וועמענס שטענדיקע באַשעפטיקונג איז—פּראָפעסיאָנעלער פרייגייסט. ער איז שוין געווען אָן אַנאַרכיסט, אַן איי־דאַבליו־דאַבליו, אַ סאָציאַליסט, אַ קאָמוניסט און איצט איז ער שוין ענדלאַך אַ האָמאָסעקסואַליסט.

דער סקאַנדינאַווער האָט מיר נאָך מיט עטלאַכע טעג צוריק געגעבן די פולסטע איינצלהייטן וועגן דעם אויסגעדאַרטן יונגנמאַן — אַז ער איז, ערשטנס, נישט אַזאַ יונגערמאַן ווי ער קוקט אויס, אַז ער איז אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן און מיט געלט, אַז ער איז דער פּרעזידענט פון אַן אַלטן אַמעריקאַנער פאַרלאַג, וואָס גיט אַרויס טעקסטביכער פאַר אונדזערע אוניווערזיטעטן און מיטלשולן. די פאַרלעגעריי האָט ער געיאַרשנט פון זיין טאַטן און זיידן. דער דאָזיקער יונגערמאַנטשיק, ווייסט אַלץ דער סקאַנדינאַווער צו דערציילן, האָט שוין אָפּגעגעט צוויי ווייבער און מיט יעדן ווייב האָט ער געהאַט צו צוויי קינדער. איצט פאָרט ער, צום ערשטן מאָל אין די לעצטע צוועלף יאָר, פאַר אַ וואַקאַציע. פאָרן פאָרט ער קיין דייטשלאַנד, וואו ער וויל זיך נענטער באַקאַנען מיט דייטשע מעטאָדן פון ביכער־פאַרלאַגן, מיט וועלכע ער זוכט אויך געשעפטלאַכע פאַרבינדונגען. דורך דער גאַנצער רייזע האַלט ער אין איין שיקן ראַדיאָגראַמען צו זיין פירמע, ווייל ער איז אומרואיק, — ער האָט איבערגעלאָזט דאָס געשעפט אויף פרעמדע

הענט און ער איז אַ מענטש וואָס האָט אַליין ליב צו אַרבעטן שווער און האָט ליב צו זען ווי אַנדערע יאָגן פון זיך אַרויס די נעשאָמע.

אָבער אַכוץ דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע קען איך אַליין דעם פאַרלעגער פאַר אַ שטיק מר. דזשעקל און מר. הייד. אַ גאַנצן טאָג פאַרברענגט ער בלויז מיט מענער און קוקט אַפילע נישט אויף קיין פרוי, אָבער ביינאַכט פוצט ער זיך אויס און גייט אין טאַנצזאַל. פון טאַנצזאַל האַלט ער אין איין שלעפּן מיידן אין באַר און פון באַר שלעפּט ער זיי אויפן דעק, וואו ער וואַלגערט זיך אויס אין די פינצטערסטע ווינקעלאַך. ביינאַכט ווערט ער פלוצים קורצזיכטיק אויף מענער. ער דערקענט בוכשטעבלאַך קיינעם נישט פון די פריינט מיט וועמען ער האָט ערשט־אָ פאַרבראַכט אַזוי געמיטלאַך. אָבער דערפאַר בייטאָג דערקענט ער שוין קיינעם נישט פון די פרויען. ער גריסט זיי אַפילע נישט. עס איז ביי אים אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע — דער טאָג איז פאַר טראַכטן און פאַר שאַרפן דעם מויאַך, און די נאַכט איז פאַר ליבעריי.

די גרופּע אַרום דעם פאַרלעגער האַלט אין איין וואַקסן, אָבער דער סקאַנדינאַווער קען אַלץ נישט ליידן, וואָס איך שטיי פונוויטנס. ער האָט נאָך נישט אויפגעגעבן די האָפנונג מיך אַריינצוציען אין דעם אַלגעמיינעם געשפּרעך. דערפאַר שרויפט ער אָן אַלעמענס אויפמערק־זאַמקייט צו מיר מיט אָן אויסרוף, וואָס איז אַ לעצטער סטראַטעגישער צוג מיך צו באַזיגן.

פאַרזיכטיק! נישט גערעדט קיין נאַרישקייטן. דאָ שטייט פונ־וויטנס אַ שרייבער, וואָס הערט זיך צו, פון אַ באַהעלטעניש, און איז גרייט אונדז אַלעמען צו באַשרייבן.

דער סקאַנדינאַווער האָט זיינס אויסגעפירט. עס וואָלט שוין גע־ווען גאָר גראָב פון מיר נישט צוצושטיין צום קרענצל. איך פאַר־בלייב אָבער נישט מער ווי אַ פאַראַקשנט־פלעגמאַטישער צוהערער. דער פאַרלעגער נעמט אַלעמען באַרואיקן.

מיר האָבן דאָ גאָרנישט קיין מוירע פאַר קיין שרייבער. דאָ, אויפן וואַסער, זענען מיר קיין מענטשן נישט און דערפאַר איז אַ שרייבער קיין שרייבער נישט. דער יאָם האָט אונדז אימוניזירט קעגן שרייבערישע אַטאַקעס. אַ שרייבער מוז האָבן מענטשן און מיר זענען — פּאַסאַזשירן. דאָס איז גאָר אַן אַנדערע קאַטעגאָריע. מיר זענען דאָ אַלע אָן באָדן און באַשריבענע מענטשן מוזן האָבן באָדן, ערד אונטער די פיס. בלויז ביי מאַטראָזן ווערט דער יאָם ערד, אָבער ביי אונדז איז יאָם אַ שטיק צופעליקייט. עפּשער איז דער יאָם, אונ־

צו טאָן מיט פּרויען; מיין פריינט וואָס האָט פאַרבראַכט אַנדערטהאַלבן יאָר ביי זיינער אַ שוועסטער אַזש אין אופאַ און מאַטערט זיך דערפאַר צו רעדן רוסיש שיר נישט ווי אַ סיביריאַק, אַריינוואַרפנדיק צווישן יאָ און ניין, פאַר שיינקייט וועגן, מאָל און דעסקאַט; עטלאַכע באַלעזענע יונגעלייט, וואָס שניידן זיך אויף קריטיקער און טראָגן זיך אַרום מיט טענ׳ען, סען בעוו׳ען, ביעלינסקי׳ן און איבערהויפּט מיט אונדזער בראַנדעסן.

מיר גייען ווי די פּאוועס און זענען אומרעאל, ווי אַרויסגענומען פון ביכער. דאָס זענען מיינע באַזאַראָווס, ניעכלודאָווס, טידעמאַנס, קאַראַמאַזאָווס, אָבלאָמאָווס, סאַנינס, האַמלעטס און דאָנקיכאָטס. אַרום אונדז פלאָקערט אַ גויעשק לעבן, עטלאַכע גויעשקע לעבנס, אַ פּויליש און אַ רוסיש, אויף מעסער שטעך. אַ אידיש לעבן, אַסאַך אידישע לעבנס, וואָס זענען ווייט צווישן זיך און אָפּגעטיילט ווי קאַסטן — פון אומבאַרירבאַרע קאַבצאָנים ביז אידישע פּריצים, וואָס פאָרן אין בריטשקעס מיט פייערדיקע פערדלאַך. אַרום אונדז קאָכט מיט שניי־דערס, שוסטערס, בלעכער, פּאַפּיראָסן־מאַכער, אַרבעטער אין ציגעל־ניעס, אין צוקער־פאַבריקן, גאַרבערס, אייזנאַרבעטער, מעלאַמדים, וואַסער־טרעגער, דינסטמיידלאַך, זאָקן־מאַכער, הענטשקע־מאַכער, ניי־טאָרינס, קלעזמער, פריזירער, גווירים, דאַיאָנים, ראַבאָנים, אָבער מיר זעען קיינעם נישט. מיר קעמפן צווישן זיך מיט גרייטע פראַזן און גייען אַהיים עסן וועטשערע צו דער מאַמען און נעמען נאָך עטלאַכע קאָפּיקעס אויף קעשענע געלט.

דער פּאָעט לייענט פאַר אַ פרילינג־ליד. ער האָט אַ וויגנדיקע, טרויעריקע שטים וואָס פאַרצערטלט און פאַרלאָטעט אַלע ריטמלאָזע שורעס. ער איז שטאַרק אונטער דעם איינפלוס פון „זיי־זשע קליין בעריאָזקעלע מיספּאַלעל אויך פאַר מיר״ און ער ווענדט זיך צו די בלומען, פרילינג־ווינטלאַך, אַז זיי זאָלן אים אויך טאָן, כ׳געדענק שוין נישט אַקוראַט, וואָס פאַר אַ געפעליקייט.

מיר אַלע האַלטן זייער שטאַרק פון אים. מיר לייגן אויף אים גרויסע האָפנונגען, אַז ער וועט אַמאָל זיין דאָס שיינדל פון אונדזער שטאָט. אַפילע איך, וואָס האָב שוין גאַנצע פּעק מיט לידער און דער־ציילונגען, בין זיך מעוואַטל אַנטקעגן אים. איך בין אים שטאַרק מע־קאַנע זיין מעלאַנכאָלישע שורע, וואָס ציטערט ווי אַ שטאַמל און קלינגט ווי פּאָעזיע, נאָך איידער מען כאַפּט דעם צוזאַמענשטעל פון די ווערטער.

דעם פּאָעטס פאָטער איז אַ גוויר. ער וואוינט אין אַ קריסטלאַ־

כער געגנט, אין איינעם פון די נייסטע הייזער, מיט שפּיגלען אין קאָ־רידאָר, מיט דיוואַנען אויף די שטיגן, פון יענע הייזער, וואָס די שטאָט איז געלאָפן אָנקוקן אויף בייז־וואונדער, ווען מען האָט זיי גע־בויט. אַ וואונדער שיינע דירע, גרויסע סאַליעס, מיט שפּיגלען, מיט שווערע מעבל, מיט בלויע און רויטע פּליושענע שטולן, הויכע וואַזאַ־נען, שטייגן מיט זינגענדיקע קנאַריקלאַך, אַ יונגע, גוטע שטיפמאַמע, וואָס קוקט אויס ווי דעם פּאָעטס אַן עלטערע שוועסטער און ווי אַ טייל פון דער גאַנצער מאָדערנער איינריכטונג. זי קריכט פון דער הויט צו זיין גוט צום „קינד" און אַפילע צו זיינע פריינט. דער פּאָעט האָט אַ פּרעכטיק ־ געשניצטן שרייבטיש, וואו ער האַלט זיין קאַיעט מיט לידער, געשריבן אין דער פּאָרזיכטיקסטער האַנטשריפט. זיין ערשט ליד, וואָס ער האָט מיר פּאָרגעלייענט, מיט אַ וויינענדיקער שטים, ביי זיך אין רייכן קאַבינעט, האָט געהייסן „גע־שטאָרבן די יונגע מאַמע" און איז געווען אַ פרייע נאָכמאַכעריי אין דער מעלאַדישקייט פון „געשטאָרבן דער אַלטער באַל־טפילע". דער יונגער פּאָעט האָט נישט געמאַכט קיין סאָד פון זיין אימיטאַציע, אַדראַבע ער האָט זיך באַרימט ווי גוט ער האָט עס נאָכגעמייסטערט און איך האָב אים טאַקע באַוואונדערט פאַר זיין קונציקער געטריישאַפט צום אָריגינאַל. איך האָב בלויז נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס קומט צו אים זיין טרויער און זיין מעלאַנכאָליע ביי אַזאַ געווירעשאַפט אין הויז. איך האָב געטראַכט, אַז אַפילע ווען ער זאָל אויף אַן עמעס באַוויינען זיין מאַמען, איז עס פּאָרט אַ שטיק אומדאַנקבאַרקייט אָנצושרייבן אַ טרויער ליד, ווען עס דרייט זיך אַרום אַזאַ גוטע, איבערגעגעבענע און שיינע, שוויגנדיקע שטיפמאַמע. איך האָב דאַמאָלס געשריבן נאַציאָנאַלע לידער און עראָטישע דערציילונ־גען אָבער איך האָב זיך געהאַלטן פאַר צווייטע פידל אין אונדזער קליי־נער ליטעראַרישער מישפּאָכע און אַלץ דערפאַר, ווייל איך בין אים מעקאַנע געווען, וואָס גאָט האָט אים געבענטשט מיט טרויער אַפילע ווען עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז עס דאַרף אים זיין גוט ווי די וועלט.

מיר אַלע האָבן מער האַנאָע פון זיין פרילינג־ליד, ווי פון פרילינג אַרום אונדז. בלויז אונדזער פּראָפעסיאָנעלער ציניקער געפינט אַ גראָב כויזעק־וואָרט. ער ציטירט גאַנצע שטיקער פון האָמערן אויף רוסיש און פון הייגען אויף דייטש און ער מאַכט דאָס ליד אויסצו־דרייען. אָבער דאָס ליד ווערט ביי אונדז נישט אָן אַפילע אויף אַ האָר,

כאָטש מיר האָבן פונדעסטוועגן האַנאָע פון זיין עפּיגראַמישער שאַרפקייט.

מען דערמאָנט מיין רייזע און מען איז מיך מעקאַנע, כאָטש מען האָט אויף מיר ראַכמאָנעס, וואָס איך וועל אַריינפאַלן אין לאַנד פון דער געלער פּרעסע.

באַנאַכט — ווידער די קראָקעווער פּערשטאָט מיט די טראָטואַרן וואָס פירן צום זאַקסישן גאָרטן דורך אַ קלאָסנצעטיילונג — איין טראָטואַר, וואו עס שפּאַצירן בלויז אַרבעטער און אַרבעטאָרינס און דער צווייטער, מיט גימנאַזיסטן, גימנאַזיסטקעס, עקסטערניקעס און טשינאָווניקעס. ווידער די טשעמנע אַלייען, וואו מען לויפט הונגעריקע נאָך יעדן סילועט פון אַ ברוין־גימנאַזיסטיש קליידל.

אינדערפרי שפּאַציר איך אַמאָל אויף די וואָליע־לאָנקעס, פאַרקריך העט־אויפן זאַמד, וואו עס וואוינט די רייכע מומע כאַמע אין אַן אייגענער כאַלופּע, מיט אייגענע הינער, עטלאַכע קאַטשקעס, אַמאָל אַפילע אַן אינדיטשקע, מיט צוויי געזונטע מיידן, וואָס האָבן פאַרהאַרטעוועטע באָרוויסע פיס און הענט וואָס שמעקן שטענדיק פון פעטרישקע, ציבעלעס און פאַסטערנאַק. די עלטערע שלעפט מיך אַפּט אַוועק ווייטער פון איר הויז, צו דער באַן און איבער די שינעס. דאָרט קוקט זי מיר אין די אויגן, אָטעמט אויף מיר מיט פייער און זינגט צו מיר פויערשע ליובע־לידלאַך. און טאָמער וויל איך זיך אַביסל צעוואַריימען, פאַרמאָגט זי אַ גראַבלאַך־קאַלט קאַל, וואָס ניכטערט גלייך אויס:

יאַנקעלע, ניטע!

צוויי וואָכן פאַר מיין אָפּפאָרן. איך קריג אַ שלעכטע בשורע און מיין גאַנצע רייזע באַקומט מיר נישט. די גאַנצע צייט מיין איך אַז איך פאָר נישט אַליין, עס הייסט אַז איך וועל האָבן אַ שיף־שוועסטער און נאָך וואָס פאַר אַ שיף־שוועסטער. איינגער פון מיר מיט אַ יאָראַנדערטהאַלבן. זי איז הויך, שלאַנק, בלאָנד און האָט אַ פאַרריסענע שיקסע־נאָז, אָבער די אויגן אירע זענען אַזעלכע וואונדערבאַרע ברוינע קאָנטראַסטן צו אירע בלאָנדע האָר אַז ווען איך זע זי, קען איך זיך נישט אָפּוואונדערן פון אירע וואַרימע אויגן און קאַלטע האָר. איר גאַנג איז שוין אַ פּרוּוילעכער. גייענדיק וויגט זי לייכט איין העלפט אַנטקעגן דער אַנדערער ווי צוויי מילשטיינער. זי האָט זעלטן געשניצטע, לעבעדיקע פיס, אַביסל אַ ברייטלאַך מויל מיט דינע ליפּן, אָבער דערפאַר איז דאָס מויל פאַרגיטיקט מיט אַ שמייכל, וואָס ווירקט ווי אַ פּרעכער ווינק.

זי קומט פון אַ פאַרגרעבטער מישפּאָכע — סאַמע קאַצאָווים און

העקעריונגען. די טאַטע־מאַמע אירע, די פעטערס, די מומעס האָבן רויטע הענט מיט גרויסע פאַרבלוטיקטע נעגל, רויטע פענימער, שווערע פיס, פאַרגרעבטע שטימען, אָבער זי אַליין זעט אויס פריציש־דעליקאַט. איר שמייכל איז עפשער די ירושע פון דאָר־דורעס וויסן און קריגן וואָס מען וויל, אָבער ביי איר אַרום מויל קומט עס אויס, ווי מען וואָלט איבערזעצט אַ גראָבן אויסדרוק אויף אַ פיינער אָנצוהערעניש און נאָך דערצו מיט אַ פשעפראַשאַם.

זיי זענען אונדזערע שכיינעס אויפן נייעם וועג, וואו מיר וואוינען, אַנטקעגנאיבער די גויעשע און אידישע יאַטקעס, מיט די אַרויסגע־האַנגענע אָקסענע און קעלבערנע קעפּ, מיט די ראַכמאָנעסדיקע, אָפענע, טויטע, סאַמעטענע אויגן. אַפילע דער פאַמיליען־נאָמען, אָדער ווי מען רופט עס ביי אונדז, דער דייטשער נאָמען פון איר מישפאָכע איז אויך אַ קאַצאָווישער.

צו יענער צייט זענען אַסאַך אידישע גימנאַזיסטקעס ביי אונדז אין שטאָט געווען שטאַרק אונטער דעם איינפלוס פון טאָלסטאָיאישער מאָ־ראַל און איידער מען האָט זיך דערביוועט צו אַ קוש האָט מען געמוזט בראָדיען דורך לאַנגע ציטאַטן פון נייעם טעסטאַמענט. „און דער וואָס קוקט אויף אַ פרוי מיט כיישעק האָט שוין מיט איהר געזינדיקט אין זיין האַרצן". מען האָט געמוזט לאַנג מאָראַלעווען, איידער מען האָט געקענט זינדיקן — און זינדיקן האָט געהייסן האַלטן די האַנט, אַריינ־קוקן אין די אויגן און דעקלאַמירן נאדסאָנען אין דער פינצטער. וואָס עס איז געקומען פריער ביי אונדז אין שטאָט, דאָס איי אָדער די הון, דער סאַניניזם אָדער דער טאָלסטאָאיזם, געדענק איך שוין נישט אַקו־ראַט, אָבער זיי האָבן זיך ביידע געדרייט ווי שווערדן אַרום גאַן איידן, ווי צוויי באַזונדערע מאָראַלן. אַמאָל האָט מען באַדאַרפט שפּילן וואוילינגלעריש סאַנינען מיט זיין כאַפּ־דעם־איצט און אַמאָל טאָל־סטאָיען, מיט זיין פארגרייטן אַלץ אויף דעם הימלישן קעניגרייך.

און אַז עס איז דערעסן געוואָרן דער שפּיל אין מאָראַל אָדער אַנטי־מאָראַל, האָט מען אַרונטערגעלאָזט אַביסל פון דער אייגענער ווערדע און זיך באַקענט מיט אַ נייטאָרן אָדער זאָקן־מאַכערן. עמעס זייערע פינגער זענען געווען צעשטאָכן און צעקאַרבט, אָבער דערפאַר האָבן זיי געזונגען האַרצרייסנדע אידישע פאָלקס־לידער אָדער גאָלד־פאַדן לידלאַך, און געהאַט וואַרימע הענט, וואָס האָבן דיך אַרומגעוואָרגן, און זיי האָבן זיך געבעטן בלויז — האָב מוירע פאַר גאָט און פאַר לייטישע מיילער, אַלע אַנדערע זאַכן זענען געקומען מיט פרייד פון

צוויי יונגע מענטשן און מען האָט נישט באַדאַרפט פריער בלעקערצן גאַנצע קאַפּיטלען פון נייעם טעסטאַמענט.

מיין מאַמע ווייסט, אַז איך האָב געוואָרפן אַן אויג אויף דעם קאַצעווס טעכטערל און זי האָט קיין פאַרגעניגן נישט דערפון. זי האָט פּאַשעט מוירע פאַר אַ שידעך און עס שטייט איר נישט אָן, ווייל אַכוץ אַלעמען האָט זי נאָך אַ פלעק אין דער מישפּאָכע אויך. אירס אַ לייבלאַכע שוועסטער־קינד האָט זיך געשמאַדט און כאַסענע געהאַט מיט אַ שייגעץ, אַ קיילער־יונג, און צולעהאַכעס טאַטע־מאַמע האָט מען זיי נאָך פאַרצאַפּט דאָס בלוט און אויפגעעפנט אַ גויעשקע יאַטקע גלייך לעבן זיי. טאַטע־מאַמע זענען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרפאַטשטע פּענימער און זיך געשעמט צו הויבן די אויגן צו דער ליכטיקער שיין. און ביי דער טאָכטער, דער מעשומיידעסטע, איז געוואַקסן דאָס בייכל און זי האָט פאַרקויפט כאַזערפלייש מיט אַ זעלטענער געשיקטקייט.

מיין מאַמע האָט מוירע אַז אָט־אָט פאַל איך אַריין אין אַזאַ מיש־פּאָכע. איך האָב מיט דעם מיידל צו יענער צייט געהאַט אויסגערעדט עפּשער צען־צוועלף ווערטער, אָבער עס איז מיר וואַרימער געוואָרן, ווען איך האָב זיך פּלוצים דערוואוסט, אַז זי וועט זיין מיין שיף־שוועס־טער, אַז זי פאָרט צוזאַמען מיט מיר קיין אַמעריקע, צו אירס אַ פעטער. (איר מאַמע האָט געוואוסט, אַז אין לובלין וועט איר אייביק נאָכגיין דער פלעק אין דער מישפּאָכע). מיר וועלן צוזאַמען פאָרן אויף די באַ־נען, אויף דער שיף און צוזאַמען אַרונטער אין קעסלגאָרדן. איר מאַמע האָט זיך געפרייט, וואָס איר טאָכטער וועט פאָרן מיט אַ היימישן מענטש, אַ באַלעבאַטיש קינד, וואָס וועט אַכטונג געבן אויף איר (עפּשער אויף איר שמייכל?)

אָבער עפּעס האָט געטראָפן אַ סיבע, פאַר מיר איז עס געווען אַן עמעסער מאַלער, און זי האָט געמוזט אָפּפאָרן צוויי וואָכן פאַר מיר. אומדערוואָרט איז געקומען דער קלאַפּ. זי האָט מיך אָנגעטראָפן אויף דער שטאָט און מיר מיט אַ שמייכעלע דערקלערט, אַז „עץ ווייסט, יעך פאָר מאָרגן אַוועק". אין איר שטים און אַרום איר מויל איז נישט געוועזן צו באַמערקן, אַז עס איז פאַר איר פּונקט אַזאַ קלאַפּ ווי פאַר מיר. עס האָט מיר טאָפּלט וויי געטאָן. איך האָב זיך דערפילט עלנד און ס'האָט מיך מיט אַמאָל אָנגעהויבן שרעקן די לאַנגע רייזע, וואָס איך דאַרף מאַכן איינער אַליין. זי האָט מיר דערלאַנגט איר האַנט מיט די לאַנגע שפּיציגלאַכע פינגער: „יעך וועל איען זען אין נעוור־יאָרק".

יענע נאַכט האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז עס איז פון מיר אַוועק מיין ערשט ווייב.

די לענגסטע רייזעס מיינע, וואָס איך האָב דאַמאָלס איינגעשטעלט צו מאַכן איינער אַליין, זענען געווען פון לובלין קיין וואַרשע, צו דער מומע גנענדל. אָבער דעם וועג אַהין האָט מיר עטלאַכע מאָל געהאַט געוויזן דער זיידע. איינער אַליין האָב איך אָנגעהויבן פאָרן ערשט נאָך דעם זיידנ׳ס טויט.

מיט דעם זיידן פאָר איך געוויינלאַך פערטע קלאַס. די באַן שלעפּט זיך און שלעפּט זיך און מאַטערט זיך אויסצוציען אַ פיר־פינף שטונדיקע רייזע אויף גאַנצע צוועלף שאָ — אַרויסגעפאָרן אינמיטן בליענדיקן טאָג און אָנגעקומען שוין נאָך האַל־בער נאַכט. מען פאַרט און מען פאַרט, דורך דערפלאַך, שטעטלאַך און מען זעט זיך אָן אַ גאַנצע טאָג מיט אַ וועלט מענטשן.

אַפילע אין פערטן קלאַס וואו אַ בילעט איז בעכאַצי כינאָם, גייט אויך אָן אַ האַנדל מיט דעם קאָנדוקטאָר. עס רייסט דאָס האַרץ צו־צוזען, ווי גרויסע אידן מיט בערד און האַדרעס פּאָנים, אידן וואָס קענען דערלאַנגען אַ פּראַסק מיט דער ברייטער האַנט, באַהאַלטן זיך אונטער די בענק מיט דעם זייט־זשע מויכל אַרויף, ווי אין שול ערעוו יאָמקיפּער צו מאַלקעס. און אַז עס קומט גראַד אַרויף דער קאָנטראָ־ליער, שלעפּט מען אַזאַ איד פון אונטער דער באַנק און מען וואַרפט אים אַרויס ביי אַ סטאַנציע. מיר פלעגט ווי טאָן אַ טאָג מיט אַ נאַכט טראַכטנדיק פון אַ איד מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, איינער אַליין אין אַ פויערש שטעטל, וואָס דרייט זיך אַרום איבער דעם קליינעם וואָקזאַל, קייט די באָרד און דער קאָפּ פּליט אים בעאייס מייסע פּיף־פּאַף וועגן מיסכער, משטיינס געזאָגט, און וועגן פּאַרנאָסע וואָס איז שווער ווי קריעס יאַמסוף.

און ביי דער גאַנצער אָרימקייט אויף דעם פערטן קלאַס דרייען זיך אַרום פּאַסקע־שפּילער און קאָרטנשפּילער און זוכן אַ פרייער.

דער זיידע האָט געהאַט אַ גוטע טעווע. ער האָט זיך אויסגעפּאַקט די פּאַטשיילע, זיך אונטערגעלעגט דאָס האַרץ מיט אַ האַרט איי, אַ שטיק ברויט, אַ וועגערישער פלוים, אַ גאָלדיקער באַרגע וואָס האָט אים באַגאָסן די באָרד מיט זאַפט, און בעאייס מייסע האָט ער מיט מיר פּאַרפירט אַ שמועס, האַלמאַי ער האָט באַדאַרפט פירן אַזאַ שייגעץ ווי איך בין צום חפץ חיים, איך זאָל אים געבן שאָלעם, און האַלמאַי ער האָט באַדאַרפט אויסגעבן אַהאַלב קערבל אויף אַ סייפער, אַז איך קוק דאַרין קיינמאָל נישט אַריין. אָבער דער זיידע איז כאַלילע נישט אין

קאָס. דעם גאַנצן געשפּרעך פירט ער פון וואוילטאָג וועגן, ווייל אַ מענטש מוז דאָך עפּעס רעדן עטלאָכע ווערטער, איידער ער ווערט אַנשלאָפן. די באַן העצקעט זיך און דער זיידע אויך, ביז ער הויבט אָן שנאָרכן אין דער באָרד אַריין.

איך שלינג שטיקער ערד,ביימער, וועלדער, טייכלאַך, וואָס די באַן פרעסט אויף לאַנגזאַם און סאָפּנדיק. באַנאַכט צעלייגן זיך די פּאַסאַזשירן אויף אַלע בענק, אויף דער אונטערשטער, אויבערשטער און אַפילע אונטער די בענק. בלויז דער קאָנדוקטאָר רייסט איבער די שטילקייט מיט זיין פאַרקאַפּטשעטן לאַמטערן און זיין „אַ בילעט יעסט?״.

אַ וואוילער יונגערמאַנטשיק מיט שוואַרצע וואָנסעלאַך, לאָקירטע כאַלעוועלאַך, אַ גלאַנציקן דאַשעק, ליגט מיט דער נאָז אויף דעם פינצטערן פענצטער און ברומט אַ לידל אַז ס׳פאַרכאַפּט ביים האַרצן. פון אַלע זייטן הויבן זיך קעפּ, ס׳רודערן פיס מיט אָניצעס, און מען שרייט „טשיכאַ״! אָבער אַז מען דערזעט מיט וואָס פאַר אַ פּאַסאַזשיר מען האָט דאָ צו טאָן, דרייט מען זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט מיט אַ זיפצעניש און אַ אָכצעניש: אוי, טאַטע פאָטער! עס זאָל הייסן, איי האָסטו אַנגעפּלאָדיעט אַ וועלטל, אָבער מען מוז אָפּווישן די ליפּן.

דער יונג וואָס קוקט אויס ווי אַ מאַטשאָרניק זינגט, מיט דער נאָז צוגעקוועטשט צום פענצטער.

אוי, פייגע לעב, פייגע קרוין,
אין זכיס זאָלסטי געני־עסן
אין זכיס זאָלסטי געני־עסן
אַז איך וועל דיך הייסן דאָס בעטעלע בעטן,
זאָעלזשע דיעך נישט פאַרדרי—עסן,
אַז איך וועל דיך הייסן דאָס בעטעלע בעטן,
זאָעלזשע דיעך נישט פאַרדרי—עסן;

עטלאָכע פּויק מיט די פינגער אין פענצטער און דער מאַטשאָרניק גיט פייגעלעבס ענטפער אויף אַ דינער, געציקלטער און האַרצרייסנדער שטים:

שוין, שוין, שוין, דאָס בעטעלע געבעט,
אָבער מיט וועהמען זאָל איעך פאַרברע־ענגען?
מיט וועהמען זאָל איעך פאַרברע־ענגען?
מיט אַזאַ געמיינעם, פאָדלעם יונגאַטש ,
אַ קו—ערווע צי פאַרבלייעבן,

מיט אַזאַ געמיינעם, פּאַדלעם יונגאַטש ,
אַ קו—ערווע צי פּאַרבלייעבן.

טראַ־טאַ. די שינעס טאַנצן און רייסן זיך פון אונטער די רעדער, מיט דעמזעלבן ניגן און מיט דיזעלבע פינצטערע ווערטער פון פענצטער.

אַ קו—ערווע צי פּאַרבלייעבן.

דער יונגערמאַנטשיק זינגט ווייטער, ער גיט עטלאַכע פּויק מיט די פינגער אויפן פענצטער יעדעסמאָל ווען ער דאַרף מאַכן אַ פּויזע און אָפּטיילן די פּרויענשטים פון דער מענערשטים. ער שעפּט אויס דאָס גאַנצע לידל ביזן דנאָ, פון לייגן זיך אין בעטעלע ביז פייגעלעבס לעצטן אומפּאַרמיידלאַכן טרויעריקן ענטפער:

אַ קו—ערווע שויען פּאַרבליבן.

אַזאַ אָפּגעפּרייערטע פייגעלעב וואַקסט שפּעטער אויס ביי אונדז, אין לובלין, דרייט זיך אַרוםביים שטאָטזייגער מיט דעם שאַלעכל אויפן קאָפּ און קלינגט מיט די שליסלען.

עס הויבן זיך שוין אָן באַווייזן די לאַמטערנס איבער דער ווייסל־בריק. זיי קוקן נישט אויס איינגעפונדעוועט און גאַרנישט ווי פון מעטאַל, נאָר זיי שווימען אַריין און אַרויס פון דער ווייסל. אַסאַך רויטע, גרינע לעמפּעלאַך און — סטאַנציע וואַרשאַווע.

מיר, דער זיידע און איך, דאַרפן זיך ערשט דערשלעפּן אינדער־פינצטער דורך עטלאַכע גאַסן צו אַ טויער, מיר רייסן דעם פּאַראַס־טעטן גלאָק און וואַרטן, וואַרטן, ביז עס הערן זיך הילצערנע טריט אויף שטיינער, און אַ קלאַלע, וואָס ווערט איינגעשטילט דורך דעם זיידנס מאַטבייע. דער זיידע פירט מיך ביי דער האַנט דורך אַ לאַנגן הויף, אויף טרעפּ, ער קלאַפּט אָן. די מומע עפנט די טיר, גיט מיר אַ קוש מיט אַ פּאַרזויערט מויל, וואָס מען האָט עס אויפגעריסן פון שלאָף, וואַליעט מיך אַריין אין אַ בעט אַריין, דעקט מיך צו מיט אַ שווער איבערבעט און איך קען קוים איינשלאָפן פון פרייד, אַז איך האָב דורכ־געמאַכט אַ נעסיע און איך שלאָף איצט אין אַ פרעמדער שטאָט, ווייט פון דער היים.

אינדערפרי הויב איך זיך אָן אַריענטירן און איך נעם באַקוקן די גרויסע וואונדער פון דער נייער שטאָט. קוידעם קאָל אַ וואַסער קלאָזעט אין קאָרידאָר. אַ פינצטערער, מיט שוואַרצע און אָפּגעשיילטע ווענט, אָבער פאָרט אַ וואַסער־קלאָזעט מיט אַ שווענקער, וואָס כאַרכלט און שווענקט נישט. אַ גרויסער הויף מיט אַריינגאַנגען פון פיר אָדער

פינף זייטן. דער הויף שטינקט מיט סמאָלע, קאַליך, רינשטאָק, עיפּעשדיקער ווייסער דיזענפעקציע און שטאָנע. אין דער מומעס דירע אַ קיך אויף גאַז, וואָס האָט אַ גערוך און לייגט זיך אַרום האַרץ, עטלאַכע מאָל אַרום און אַרום, מיט רעדעלאָך און ס'דוכט זיך אַלע ווייל, אַז עס ווילט זיך אַ קליין ביסל כאַלעשן, עפּעס ווי עס וואָלט גע־דישעט אַ שלעכטע גרינע פאַרב, אָדער קעראָסין אין צעפּלאָך, ווי אַ סגולע קעגן ניס — מישמאָעס אַז די ר'ער איז געווען אַביסל געלע־כערט, אָבער קיינער האָט נישט געהאַלטן אַז מען באַדאַרף עס פאַר־ריכטן.

דער פעטער, אַן אָקסנהענדלער, ווייסט שוין אַז ער דאַרף אַהיימ־ברענגען פון שעכטהויז וועמפּלאַך, ווייל ביי אונדז אין לובלין האָט אַ ראָוו זיכרוינע ליוורעכע, עפּשער מיט 50 יאָר צוריק געאַסערט וועמפּ־לאַך צוליב אַ קריגעריי מיט אַ נעימען — דער איסער איז געבליבן גילטיק אין שטאָט אַד האַיום האַזע, אָבער אויסער שטאָט מעג אַ לובלינער עסן וועמפּלאַך וויפיל זיין האַרץ גלוסט. און כאָטש איך האָב נישט קיין האַנאָע פון די האַרטע שטיקער פלייש, וואָס קייען זיך ווי שווער'ע געגזענע הויט און מישן זיך ווי בלעטלאַך אין אַ סי־דער, עס איך עס דאָך מיט כיישעק. איך פיל אַז איך בין אין אַ פרעמדער שטאָט, וואו איך פאַרגין זיך צו עסן אַ זאַך, וואָס איז קעמאָט טרייפע, און וואָס ווערט קאָשער ערשט ווען מען נעמט אַ באַן און מען פאָרט אָפּ מיילן.

דער פעטער ברענגט אויך אַהיים, ספּעציעל פאַר דעם גאַסט, אייטער, אַ מייכל, וואָס פאָדערט אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג — אַן ערדן טעפּעלע, וואָס מען וואַרפט אַוועק גלייך נאָך דעם קאָכן, ווייל דער אייטער איז אַ סאָרט באָסאַר בעכאַלאָוו. די מאַמע מיינע האָט בעשום אויפן זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין דער אַוואַנטורע פון קאָכן אייטער, אָבער מיין פעטער וויל מיר באַווייזן וואַרשע מיט אַלע אירע וואונדער. אייטער עס איך אויך מיט אַ באַזונדערער אויפמערק־זאַמקייט, ווייל איך וויל דערפילן דעם פאַרבאָטענעם טראָפּן מילך אין פלייש.

די מומע וואוינט אייגנטלאַך נישט אין וואַרשע, נאָר אין פראַגע. אויפן הויז הענגט אַ לאַמטערן מיט אַן אויסגעשוירענעם בלעכענעם נומער צוועלף. דאָס גרויסע הויז מיט עפּשער הונדערט פאַמיליעס ווערט געפירט פון אַ זשאָנצע מיט שטעכיקע פוילישע וואָנסן, אַ ווינקל־אַדוואָקאַט, וואָס מאַכט אַ זייטיקן גילן פון שרייבן פראָשעניעס. דער זשאָנצע טראָגט אַ גרינלאַך־שוואַרצן סורדוט, איז הויך און דין

און ווייל געבן דעם איינדרוק פון אַן אַריסטאָקראַט, אַ יווירעד.

ביים זשאַנצע איז הויז רעדט מען פויליש און רוסיש, זיין עלטע־רער זון גיט ענגלישע לעקציעס. ער איז עטלאַכע יאָר געווען אין אַמעריקע און איז צוריקגעקומען מיט סטראַשונקעס אַז ער וועט באַגיין זעלבסטמאָרד אָדער ער וועט זיך אָט־אָט שמאַדן. דער צווייטער זון איז צוליב דער פּראָצענט־נאָרמע נעבעך אַריינגעפאַלן אין קרינסקי׳ס האַנדלס שולע. ער דרייט זיך אַרום אין זיין אוניפאָרם און באַוויינט זיך, וואָס ער מוז גיין אין אַ זשידאָווסקער שולע, וואו מען מוז נאָך דערצו לערנען העברעאיש און טאַנאַך. די מאַמע שלעפּט זיך אַרום ווי אַ קראַנקע פריצע און קוואָקעט. דער זשאַנצע האָט ליב דעם ביטערן טראָפּן און טאָמער שיקערט ער זיך אָן, האַלט ער אין איין כראָקן אין ווייבס ווינקל אַריין און ער שווערט זיך אַז די באַרימטע קאָבאַרעט־זינגע־רין, די קאָוועצקאַ, טוט אים אָן די שקאַרפּעטקעס און דאָ מוז ער אָפּ־פינצטערן זיין לעבן מיט אַן אַלטער כאַלעריע. דאָס פירט געוויינלאָך צו שלאַכטן אין אַ פּראָסטן נאָכמיטאָג. די זין האַלטן אַלעמאָל מיט דער מאַמען און זיי וואַרפן זיך אויף דעם טאַטן און נעמען אים מיימעסן, אָבער דער טאַטע איז רירעוודיק און אַליין אויך נישט קיין שיפע־זיבעלע.

אָבער אינדרויסן גייט דער יונגער קאָמערציאַנט מיט פּאַמעלאַכע טריט און איז די איידלקייט אַליין. ער הויבט דעם הוט און פאַר־נייגט זיך אַקוראַט ווי ער וואָלט געשטאַמט פון דאָר־דוירעס שליאַכטע.

די הענט וואָס האָבן ערשט־אָ געפּליאָסקעט דעם טאַטן, האָבן געהאַט אויסשטודירטע זשעסטן. ער האָט מיר געגעבן לעקציעס אין מאַניערן און געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז איך זאָל כאַלילע נישט מאַכן מיט די הענט ביים רעדן. ער האָט מיר דערקלערט, אַז מאַניערן דאַרפן קוידעם קאָל זיין היפּנאָטיש. זיי מוזן היפּנאָ־טיזירן, ווייל דער ציל פון דעם איינגעבוירענעם אַריסטאָקראַט איז צו זיין אַ פירער, אַ באַפעלער און אָן מאַניערן קען מען דאָס נישט דערגרייכן. ער האָט מיר פאַרטרויט, אַז עס האָט אים גענומען אַ גאַנץ יאָר אויסצושטודירן פאַרן שפּיגל, ווי אַזוי צו שמייכלען ביים גריסן זיך. דער שמייכל טאָר נישט זיין קיין צו אינטימער, וואָס כאָטש וואַרף זיך יענעם אויפן האַלדז, אַפילע ווען מען טרעפט זיך מיט דעם אינטימסטן מענטשן — אַזאַ שמייכל פּאַסט נישט פאַר קיין אַריסטאָק־ראַט. דער שמייכל דאַרף בלויז אַרויסבריינגען דעם בליאַסק פון די ציין (און ער האָט געהאַט פיינע ציין מיט קליינע גאָלד־פאַרשטאָפּטע לעכעלאַך, מוסטער־אַרבעט לויט דאַמאָלסדיקע דענטיסטישע באַגריפן)

און וויזן אַז דו ביזט גוט אויפגעלייגט. ער האָט מיך געלערנט גאַנצע קונצן ווי אַזוי מען דאַרף מיט דעם היטל באַגריסן אַוועק פון זיך און צו צו זיך, עס ווענדט זיך בלויז צי מען וויל זיך מיט יענעם אָפּשטעלן און כאַפּן אַ שמועס, אָדער מען וויל אים, אַזוי־צוזאָגן, אַוועקגריסן, קעדיי צו גיין ווייטער; ווי אַזוי מען באַגריסט אַ יונג מיידל, אַן עלטערע דאַמע, אַ כאַוועր, אַן עלטערן הער, גלאַט אַזוי אַ מענטש ווען עס איז שווער צו קאַטאַלאָגירן און ווי אַזוי מען באַגריסט אינגאַנצן נישט, ווייל דאָס אָפּענע נישט באַגריסן איז אויך אַ טייל פון די מאַניערן.

ווען איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב אויסגעשריבן אַ קורס איבער היפּנאָטיזם פון דעם ניו־יאָרקסקי אינסטיטוט זנאַני, אַז איך האָב אַ היפּנאָטישן קרישטאָל, אַז איך האָב שוין אַפילע איינמאָל פאַרהיפּנאָטיזירט מיין ברודער אַזוי, אַז ער האָט קוים געקענט פאַנאַנדערנעמען די הענט, איז דער קאָמערציאַנט געוואָרן מיינער אַן איבערגעגעבענער פריינט. אויף אונדזערע שפּאַצירן איבער דער פּעטערבורסקע, ווילענסקע און אין גערטנדל ביי דער בריק לעבן די לאזשינקעס, נישט ווייט פון די רעלסן, וואו עס איז געלאָפן אַ קאָלייקע, אַ קינדעריש באַנדעלע, וואָס האָט געסאָפּעט סיפּ־סיפּ־סיפּ־סיפּ און האָט פונדעסטוועגן אויפגענומען עמעסע פּאַסאַזשירן, האָבן מיר אַלץ גערעדט וועגן היפּנאָטיזם, מעסמעריזם און אָקולטיזם.

מיר האָבן שפּאַצירט אַריבער דער בריק, אַריין קיין וואַרשע, אין די געדיכטע אידישע געגנטן פון יונגע קעשענע־גאַנאָווים, אַלטוואַרגגעשעפטן, טאַנדעט, וואָלאָווקע, סמאָטשע און פראַנטשיסקאַנער, וואו עס האָט געשטונקן מיט דעם טרוקענעם לעדער פון די לעדער־געשעפטן, נאַלעווקי, סימאָנס־פּאַסאַזש, וואו עס האָט זיך געפונען זיין אַלמאַ־מאַטער — קרינסקיס שולע. מיר זענען אַריין צו פרידמאַנען עסן וואורשטלאַך מיט משטאַרדע, וואָס האָבן געפּלאַצט אַזוי שנעל, ווי מען האָט זיי גענומען אין מויל אַריין, מיט הייס, פעט, געזאַלצן און געפעפערט וואַסער.

אויסער די שפּאַצירן האָב איך נאָך געהאַט סאָציאַלע פונקציעס אויך, ווייל דער זיידע האָט זיך געוואָלט אויספיינען מיט מיר און ער האָט מיך געפירט צו דער רייכער מישפּאָכע, צו די לעדער־סאָכרים, אידן מיט שווערע לעפּאַקעס און לאַנגע בערד און ווייבער מיט גוידערס, פעטע הענטלאַך און פיסלאַך, ברייטע באָקעס און אויסגעכאָלעטע פלוסטערדיקע באַקן מיט עטלאַכע גאָמבעס און שווערע אוירינג, וואָס האָבן אַרונטערגעריסן די אויערן — אַביסל אַ דער־

ווייטערטער צווייג פון אונדזער מישפּאָכע, וואָס האָט געהערט צום קלאַס—כסידיש־גווירישע און געפּוצטע שטיוועלאַך. דער מאַן פון דעם קלאַס האָט געטאָן מיסכער אויפן גרויסן שטייגער און דאָס ווייב האָט שוין אָפילע געכאָוועט גווירישע קראַנקייטן און געפּאָרן אין די וואַרים־בעדער. דער זיידע האָט אָפילע אָפּגעשטאָט אַ וויזיט ביי אַ קאָרעוו אַ קאָמיוואָיאַזשאַר, אַ הויכער, אַן אָפּגעפּוצטער מיט אַ האַרטן קאָפּע־ליוש, מיט אַ גלאַט־ראַזירטער מאָרדע, וואָס איז געווען אַזוי אָנגעפּי־קעוועט מיט גראָבע קאָמיוואָיאַזשאַרסקע וויצן, אַז ער האָט אָפילע מיר געמוזט אָפּשטעקן עטלאַכע, וואָס זענען געווען ערשט פריש פון דער נאָדל אַרויס. ביי אים אין הויז האָט געפינקלט פון ריינקייט, זיינע קליידער זענען געווען לויט דעם לעצטן שניט, די קינדער האָבן גע־שמעקט פון זויבערקייט, דאָס ווייב איז געווען אַ ציכטיקע און דאָך האָט די פאַמיליע געהייסן שמוץ. אויפן טיר האָט געהאַנגען אַן אומ־איראַניש מעשן בלעכל — י. שמוץ.

דער זיידע איז מיט מיר אַרומגעקראָכן איבער די האַלעס, אָפּגע־זוכט שלוימעלע די אידענע, וואָס איז דאָרט געזעסן און געהאַנדלט. שלוימעלע די אידענע האָט געוואוסט אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי דער מישפּאָכע אין לובלין. ער האָט גערעדט מיט אַ קוויטשיק שטימעלע און געהאָט גלייך אַ גרייטן צונאָמען פאַר יעדן איינעם אויף וועמען ער האָט זיך מעקלאָמפּערשט האַרציק נאָכגעפּרעגט.

וואָס מאַכט עפּעס דער שוואַנץ־מעלאַמעד ? וואָס מאַכט עפּעס דער גאַנעוו ? ער זיצט נאָך נישט ? וואָס מאַכט עפּעס דער קאָפּ־מענטש ? — און אַלץ מיט אַ פרום פּאָנים און אַ צוקערדיקער שטים.

ביינאַכט, דער אייגנאַרטיקער נאַקטורן פון דעם טרויעריקן טראָמ־ווייען־רויש, מיט די ביליקע הילצערנע בענקלאַך און אויסגעקראָכענע פלושענע זיצן פאַר דער סאָציאַלער צעטיילונג פון דער באַפעלקערונג, פינפקאָפּיקאָווע פלעבייער און זיבנקאָפּיקאָווע אַריסטאָקראַטן. די הילצערנע אָמניבוסן, וואָס האָבן זיך געהעצקעט איבער די שטיינער און עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט וועלן זיי צעפּאַלן אויף האָלצוואַרג ווי געפּלאַצטע פעסער. גרויסע אָנגעצונדענע לאָמפּן, וואָס האָבן אויס־געקוקט ווי שוווער־באַלאָדענע דינע בוימער. דער שפּאַציר הין און צוריק אויף דער ווילענסקע, דער פלירט מיט די גימנאַזיסטקעס אין הויף, די יונגע טיאָמקינאַ, אַ באַשפּרענקלט דין מיידל, מיט דינע פּיסלאַך און דינע אייזערנע הענטעלאַך, אַ נישט שיין פּענימל, אָבער אַ טייער מויל, וואָס קושט מעכייעדיק אין דער פינצטער, דרייט זיך אויס

פון דיינע הענט און האָט נאָך די האָזע צו ווינטשן אַ „ספּאָקאָינאָי נאָטשי".

דער צוג צוריק. שווימענדיקע לאָמפּן, וואָס טאַנצן אין דער ווייטן, לאַנגע פֿינצטערע שטרעקעס, אַ ווייטאָקדיק פּייפֿן אין דער פֿינצטער. אַ זון וואָס באַהויכט מיט ראָז די פֿענצטער. אַ זון איבער אַן אָרים פֿעלד, אַ דאָרפֿישע זון מיט מילכיקס, זויערמילך, לאָקשן מיט צימרינג און קעז. אַ קו וואָס הויבט אויף פֿויל דעם קאָפּ אַנטקעגן לויפֿנדיקן צוג, איז זיך מעיאַשעוו און מרוקעט נישט. די רעלסן טאַנצן. שוין, שוין דאָס בעטעלע פֿאַרבעט, אַ קו־ערווע צו פֿאַרבלייבן, צו פֿאַרבלייבן. טיאָמקינאָס הייסע הענטלאַך, ספּאָקאָיני נאָטשי. טפֿרו, ווי דער צוג וואָלט זיך פֿאַרטשעפּעט און גלייך אַרויסגעקראָכן פֿון אַ קליין גריבעלע. ווייזט אויס, נאָר־וואָס איינגעדרימלט, ווייל אין דעם גאַנצן כאָלעם איז נאָך נישט געווען געגנוג אַקציע, נאָר ערשט פֿאַרפֿע־דימטע מעגלאַכקייטן אויף אַ שטיקל כאָלעם.

אַ ביס געטאָן די קליינע שוועסטער און אַוועק אויפֿן וואָקזאַל. פֿאַר מיטנאַכט, אַלץ קוקט אויס ווי אַ פֿאַרקאָפּטשעטער לאָמפּ, אַלע זעען אויס ווי אַריינגעדרייט, ערעוו שלאָפֿן. דער גאַנצער וואָקזאַל איז פֿול מיט מיינע כאַווירים, מישפּאָכע, יונגעלייט, מיידלאַך. איך וואַרט אויף איינער. שוין אַ יאָר, אַז מיר רעדן נישט. און איך האָב נישט געקענט ברעכן דעם אַקשן, פֿויעלן ביי זיך מיט איר זיך צו געזעגענען. ס׳וואָלט גוט געווען, ווען זי דאַווקע קומט זיך יאָ געזע־גענען. מיר דוכט זיך איצט, אַז אין דעם זשעסט אירן וועגדט זיך גאָר אַסאַך, וואָס אַזוינס ווייס איך נישט אַקוראַט, אָבער איך זוך זי אין דער פֿינצטער, עס ווערט שפּעט. איך זע קלאָר, אַז זי איז נישטאָ.

דער טאַטע מאַכט זיך האַרץ און זאָגט אַ וויצל. ס׳ציטערט ביי אים אַ ליפּ, וואָס קרומט אים אַזש אויס דאָס מויל. די מאַמע ברעכט די הענט. דער נאַטשאַלניק פֿון דער סטאַנציע, אין רויטן היטל, קומט באַגעגענען דעם סאָפּנדיקן צוג. איך בין שוין אויפֿן צוג מיט די פּעק, וואָס שמעקן מיט דער מאַמעס געבעקס, מיט די ראָזשינקע־ראָגעלאַך, פּראַשניקלאַך, אייערקיכלאַך. האָ — האָ — מען שרייט, מען געזעגנט זיך, אָבער אַלץ איז פֿינצטער, שלעפּעריק. האָ — האָ — טויב, פֿונדערווייטנס, ווי מען באַגלייט נאָוואָבראַנצעס. האָ — האָ — מען הערט גאָרנישט, ווייל דער צוג טראָגט זיך שוין און פּאַכעט און בלאָזט ווי ער וואָלט צובלאָזן אַ פֿייערטאָפּ.

סאָסנאָוויץ. און מיט אַ דראָשקע צום שוואַרצער. שאָלעם אַליי־

כעם, יונגערמאַן! מאַ שמעכאַ? ער נעמט אַרויס אַ בריוו און פאַר־גלייכט. ס׳איז אין אָרדנונג.

כ׳ליג אויף אַ האַרטער באַנק. ערשט פאַרטאָג דערזע איך די גרויסע שטוב, וואָס קוקט אויס ווי אַ לאַנגע קאַמער, און איך דערפיל דאָס אַלטע האָלץ פון די בענק און פון די לאַנגע ברעטער־טישן. ס׳קומט אַריין אַ מיידל פון אַ יאָר פופצן־זעכצן, אויף לייכטע לאַטשן, וואָס האַלטן זיך נישט אויף די באָרוויסע פיס, נאָר זיי פּאַטשן און קלאַפּן אויף דער פּאָדלאָגע.

גייענדיק פלעכט זי אַ צאָפּ און פאַרוואַרפט אים אַריבער דער אַקסל, ווען זי איז פאַרטיק. אַ בלאַס פּנים, גרויסע פאַרוואונדערטע שוואַרצע אויגן. פון די האַלב־נאַקעטע הענט, באָרוויסע פיס און שטיק האַלדז, בלאַנקט פאַר מיר מיט געגוג נאַקעטקייט און רייץ.

איר זענט עס דער אַמעריקאַנער? דער טאַטעשי דאַוונט און ער וועט באַלד אַריינקומען.

זי דערלאַנגט מיר אַ צעבויגענע קופּערנע קוואָרט און ווייזט מיר אָן אויף דעם פאַס מיט וואַסער, אַז איך זאָל אָפּגיסן נעגל־וואַסער. זי ברענגט אַריין הייסע וואַסער מיט מילך און עטלאַכע איינגעשניטענע קייזערקעס מיט פּוטער. יעדעס מאָל, ווען זי קומט צו צו מיר דערפיל איך וואַרימקייט פון געלעגער, אָדער פאַרקנאַטן־טייג, מיט דעם זיס־זויער פון הייוון.

ס׳איז איהן דאָ וואָס מעקאַנע צו זיין — זאָגט זי צו מיר מיט אַ זיפץ און ס׳שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן. — ס׳וועט איהן זיין גוט אין אַמעריקע.

וואָס זענט איר, אַ טרעפערקע?

אָבער זי הערט מיך נישט. אַוואַדע איז איהן דאָ וואָס מעקאַנע צו זיין — רעדט זי מיט אַן עלענדער און ווייטער שטים, ווי ווייט עס זענען די אויגן, וואָס קוקן אַרויס און אַריבער דעם דרויסן, אַזש צו מיין אַמעריקע.

איך שטיי איבער דעם צוגעפוילטן פאַס. מיין פּנים שווימט אַרום אין דעם שוואַרצן וואַסער. איך שעפּ אָן די קוואָרט און גיס אויס, שעפּ אָן און גיס אויס. און איך דערמאָן זיך אין דער מייסע־נוירע מיט דעם אידן, וואָס איז געפאָרן קיין מיצרייעם לערנען קישעף. אויפן וועג טרעט דער איד אָפּ אין אַן אַכסאַניע, און ווי דער באַל־אַכסאַניע הערט, אַז ער פאָרט לערנען קישעף, הייסט ער אים קוידעמ־קאָל זיך וואַשן צום עסן, און בעאייס ער שטייט אַזוי מיט דער קוואָרט איבערן פאַס, נעמט דער באַל־אַכסאַניע און טוט אים אָן אַ קישעף.

ער צעשפּילט פאַר אים אַ פאַנטאַסטיש לעבן, ער מאַכט אים כאַסונע, ער מאַכט אים רייך, ער גיט אים איבער אין די הענט פון יאַם־רויבער, ער ראַטעוועט אים, ער מאַכט אים אָרים. ער פירט פאַר אים אַדורך מיט זעלטענער וואָרהאַפטיקייט צענדליקער יאָרן, ער מאַכט אים אומגליקלאַך, צעבראָכן, אַלט, און ווען דאָס לעבן האַלט שוין ביי אויס־צאַנקן, טוט דער באַל־אַכסאַניע פון אים אַפּ דעם קישעף און דער איד דערזעט, אַז דאָס איז ער אַזוי געשטאַנען בלויז עטלאַכע מינוט איבער דעם פאַס וואַסער און ער האָט דורכגעלעבט אַ מוירעדיק לעבן.

אָט אַזוי, דוכט זיך מיר אויך, אַז דאָס מיידל ועט מיר דאָ באַלד אָנטאָן אַ קישעף און איך וועל דאָ בלייבן זיצן מיין גאַנץ לעבן. וואָס מיר אַמעריקע? וועד דאַרף זיך אַרומטליקן אויף אַזאַ לאַנגער נעסיע? בלייבן דאָ, כאַסענע האָבן מיט דעם שוואַרצערס טאָכטער, גיין אָנגעטאָן אין אַטלעסענעם שלאָפּראָק, זיצן שאַבעס ביים טיש איבער דעם שמעקנדיקן קוילעטש, די זיסע שלייען, בוינע מיט פערפל, פעט שטיקל פלייש מיט כריין, מיירן־צימעס, פלוימען און דאָס גאָל־דענע גלעזעלע וויסאַצקיס. די לעכט אין די הויכע זילבערנע לייכטער פלעמלען און ווילן זיך ראַטעווען און אין דער שטיל אין דער פינצטער קוש איך האַלב־שלעפעריק דאָס יונגע, שעמעוודיקע און שוואַנגערדיקע ווייב. בול. בול. מיין פּאָנים שווימט אַרום אין שוואַרצן פאַס.

איך זיץ און זופּ די באָוואַרקע און זי שטייט איבער מיר. זי קוקט אויס עלנט, ווי עס קען נאָר אויסזען אַ אידישע טאָכטער, וואָס וואַקסט פּלוצים אויס, איידער טאַטע־מאַמע האָבן צייט זיך אַרומצוקוקן און זי פאַרשטיין.

עס איז איהן אַוואַדע דאָ וואָס מעקאַנע צו זיין!

דער שוואַרצער קומט אַריין אין טאַלעס און טפילן. לייגט צו די האַנט צום שעליאַד, שעלראָש און גיט אַ קוש.

ני—אָ — ווייזט ער אויפן מויל — טויעם?

איך ווייז אים, אויך פאַנטאָמים, אויף דעם גלעזל וואַסער מיט מילך.

ער שמוצערט מיט די ליפּן, מאַכט כויזעק. ראָכל — שרייט ער צו דער טאָכטער — ני—אָ, אַביסל פאַדשמעטאַנע, ני—אָ, אַ גרין צי־בעלקעלע, בסולע, איי, בסולע, ווייזט ער אויפן קאָפּ, אַז זי האָט נישט קיין סייכל. זי פּאַטשט מיט די לאַטשן און ברענגט אַ טעלער מיט זויערמילך.

ער רירט אָן די טפילן. ס׳זאָל הייסן, צי איך האָב שוין געדאַוונט. ווען ער כאַפּט מיין פאַרלעגנהייט, מאַכט ער שנעל ני־אָ, ני־אָ, ווייזט

אַז אויף זיין אָכער און אַרויף צו דער סטעליע און שאָקלט מיט דעם קאָפּ אויף ניין. ער איז מיר קלאָר מאַסביר דעם געדאַנק, אַז אים וועט מען פאַר מיר, הייסט עס, נישט שמייסן. ער גיט זיך אַ פעסטן שטעל אַוועק שמוינע־עסרע און נעמט גלייך מאַכן שווערע טריט אויף צוריק, ווי ער וואָלט זיך אויסגעשפּאַנט פון אַן אָל.

אַז עס איז געוואָרן טונקל איז געקומען אַ יונג מיט לאַנגע שטיוול, וואָס די כאַלעוועס האָבן אים דערגרייכט ביז איבער די קני. עס איז אויך פלוצים אויסגעוואַקסן אַ יונגערמאַן וואָס איז אַנטלאָפן פון פּאַניען. ער האָט ביים שוואַרצער אויסגעטאָן דעם קייסערס מאַלבו־שים, אָנגעטאָן ציווילע קליידער און אַפילע ברילן. דער סאָלדאַט איז געזעסן אויף הייסע קוילן.

ווען וועט מען זיך שוין רירן פון אָרט, ווען וועט מען שטעלן פּיס? — האָט ער געשריגן — איר ווילט מיך דאָ קוילן. איר ווייסט מיט וואָס דאָס שמעקט?

דער יונג מיט די לאַנגע שטיוול האָט געהאָט צייט. ער האָט קוידעמקאָל געהייסן קוילן אַ הערינג און דערלאַנגען מאַשקע. ער האָט געהאַלטן אין איין פּאַקן ראַזעווע ברויט אין מויל אַריין און אַריינגיסן איין קעלישעקל נאָך דעם אַנדערן. נאָך יעדן מאָל וואָס ער האָט אויסגעליידיקט דאָס גלעזל האָט ער גענומען באַרואיקן דעם סאָלדאַט.

ס'אָרט אייך. איר זענט אין די ריכטיקע הענט.

אָבער אַפילע דער שוואַרצער האָט דעם יונג גענומען דערמאָנען אין זיינע פליכטן.

ראַכמיעל! לאָז שוין אָפּ דאָס פלעשל. אַ בראָך איז צו דיין קאָפּ. וועסט אים באַלד האָבן ערגעץ אַנדערש.

ערשט ווען עס איז געוואָרן גוט פינצטער האָט זיך דער שוואַרצער מיט אונדז גענומען אויסכעשבענען. ער האָט אונדז געוואונטשן אַ גוטן שליטוועגס, דערמאָנט דעם יונג, אַז ער זאָל האָבן דעם קאָפּ אויף די פלייצעס.

צייסכעם לעשאָלעם! צייסכעם לעשאָלעם — האָט ער געזאָגט מיט אַ פרום גאַלאָכיש פּאָנים, ווי ער וואָלט אונדז אַלעמען איבערגע־ציילעמט. דאָס מיידל איז פלוצים אויסגעוואַקסן לעבן מיר. זי האָט מיר דערלאַנגט אַ קאַלט הענטל און איך האָב געזוכט עפּעס אַ וואָרים וואָרט, אָבער די צונג האָט זיך ביי מיר געפּלאָנטערט.

מעמיר אַמאָל שטעלן פּיס? איר שעכט דאָך מיך. כ'על זיך

דאַך דאַרפֿן אַנטאָן אַ שטריק אויפֿן האַלדז — האָט דער סאָלדאַט געַ־נומען קלאָגן ווי אַ אידענע.

צייסכעם לעשאָלעם! לעשאָלעם!

דאָס מיידל איז אַנטלאָפֿן ווי אַ קעצל אין ווייטסטן ווינקל. דער יונג האָט אויפֿגעפּראַלט די טיר און מיר זענען אַריין אין אַ שטיק פֿינצטערניש.

ראַכמיעל — האָט דער שוואַרצער נאָכגעשריען — געדענק, אַ בראָך איז צו דיינע ביינער. אַ קאָפּ איז נישט קיין טאָכעס.

מיר זענען געגאַנגען דורך היגטערגאָסן. פֿונווייטנס האָט מען געהערט דאָס בילן פֿון אַ הונט. עס איז געווען אַ פֿינצטערע נאַכט און מיר האָבן געטראָטן אויף ווייכער ערד מיט ווייכע טריט. דער יונג מיט די שטיוול איז געגאַנגען פֿאָראויס און זיך אַביסל אונטערגעַ־וואַקלט. ער האָט געפּאָנפּעט צו זיך אַליין.

— ער גיט מיר אַ קאָפּ פֿון אַ הערינג. אַ לעק אָקעוויט, אַ האַלבן קאָרב און ער מיינט אַז ער מאַכט מיך גליקלאַך. אַזאַ זבראַד־ניאַזש. אַ בראַנד זאָל אים טרעפֿן.

דער סאָלדאַט האָט געפּרעפּלט, אַז אויב ס׳וועט כאָלילע נישט אָפּגיין גלאַטיק, וועט ער זיך אַ מייסע אַנטאָן. מיר זענען געגאַנגען און געגאַנגען און נישט געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן און פּלוצים האָבן אָנגעהויבן טרעפֿן זאַכן ווי אין אַ קישעף־מייסעלע. פֿריער איז פֿאַרשוואונדן דער פּירער מיט די הויכע כאַלעוועס. שפּעטער אַז איך האָב געכאַפּט אַ זייטיקן בליק איז שוין דער סאָלדאַט אויך געווען פֿאַר־שוואונדן. איך האָב גענומען גיין שנעלער. עס האָט מיר אָנגעהויבן אויסזען, אַז מען האָט מיר דאָ אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, אויסגענאַרט דאָס געלט און געלאָזט שטעקן צווישן אַ פֿינצטערן הימל און אַ פֿינצטערער ערד. איך האָב גענומען גיין נאָך האַסטיקער און פֿון גרויס פּאַכדאָנעס האָב איך געשפּאַנט מיט פֿעסטע טריט און געהויבענעם קאָפּ, ווי ס׳טרעפֿט אָפּט מיט מענטשן וואָס האַלטן אָט־אָט ביי צוזאַמענקראַכן.

באַלד נעמען זיך די בלאָטיקע שטעגן פֿאַרוואַנדלען אין שמאָלע ציכטיקע טראָטואַרלאַך. איך גיי אַלץ פֿאָראויס און נישט אַרונטער פֿון גלייכן וועג. עס באַוויַזן זיך אָפּגעפּוצטע הייזלאַך מיט וואו־נישט־וואו אַ ליכטיק פֿענצטער. און אָט שטיי איך אינמיטן שטאָט צווישן וועגענער און טראַמווייען, וואָס לויפֿן פֿאַרביי מיט אַ סווישטש. די זעלבע גויעשקע פּענימער, גויעשקע וואָנסען און גויעשקע מיילער ווי אין יעדער פּוילישער שטאָט, אָבער די איבערראַשונג קומט ערשט ווען זיי עפֿענען די מיילער. איך קוק אויף יעדן פֿאַרגרעבטן פּאָנים

און איך קען זיך נישט אָפּוואונדערן. ס'עפנט זיך אַ מויל און איך הער — יאָ — יאָ.

איך גיי־צו צו אַ פּאָליציאַנט, וואָס קוקט אויס ווי אונדזוערער אַ סטראַזשניק און נאָך איידער איך קום צו נאָענט צו אים, באַגריסט ער מיך.

געפּעליגסט !

איך מיש זיך אויס צווישן די מענטשן אויף דער גאַס און איך הויב זיך אָן אויסטשוכן ווי פון אַ כאָלעם, יאָ — יאָ, בעשאָלעם אַרי־בער די גרעניץ. יאָ — יאָ. עס האָט זיך געביטן די געאָגראַפיע. עס האָבן נישט געקלונגען קיין גלעקער און נישט געקנאַלט קיין קאַ־נאָנען, נאָר מיר־נישט־דיר־נישט אַריבער פון פּשאַקרעוו צו יאָ — יאָ. איך האָב געהאַט אַ מאָדנע פאַרגעניגן צו קוקן אַלעמען אין פּאָנים און וואַרטן ביז דאָס מויל וועט זיך עפענען און — יאָ — יאָ.

די מערסטע זענען שיקערלאַך. אַ יונגער פּויער שלעפּט מיך אַריין אין אַן אָנגערויכערטער קנייפּע. איך טרינק פּעטן, שוימיקן, שוואַרצן ביר פון לאַנגע, שמאָלע קופּעלס. מען זינגט, מען כראַקעט. איך האָב מוירע צו פרעגן וואו איך געפין זיך און דורך גנייוועשע פאַרטלען געפין איך ענדלאַך אויס אַז איך בין אין מיסלאָוויץ און אַז מיט אַ שטראַסנבאַן קומט מען דירעקט קיין קאַטאָוויץ. כ'רייס זיך קוים אַרויס פון די צוגעלאָזענע שיקורעם און דער קנייפּע און נאָך דיזעלבע נאַכט בין איך אין קאַטאָוויץ.

צוגן, צוגן, צוגן. האַנאָווער, פראַנקפאָרט, עטלאַכע שאָ אין בער־לין. ווייטער געפאָרן, געפאָרן. צוגן מיט זינגענדיקע פריילאַכע סטודענטן אין גרינע היטעלאַך. איך בין מיד. דער קאָפּ שווימט פון נישט שלאָפן. ערשט אין ברעמען, מיט מיין גאַנצער פריי־פויגלדיקער האַלטונג, דערקענט מען אין מיר אַן אימיגראַנט און איך בין שוין נישט אין מיינע הענט. איך הויב אָן ווערן געזעצלאַך רעגולירט און ס'אַרט מיך שוין נישט, ווייל איך בין טויט־שלעפעריק. איך זע אַלעמען ווי דורך פאַרקלענער־גלעזער און איך הער רייד, וואָס ציען זיך ווי פעך און האָבן גאָר קיין האַפט נישט.

יענע נאַכט שלאָף איך אויף אַ שטיינערנער פּאָליצע, ווי אויף אַ טרעפּ אין אַ קאַלטן מערכעץ. יעדעס מאָל ווען מיין פּאָנים, אָדער האַנט רירט אָן אַ קאַלטן שטיין, כאַפּ איך זיך אויף. עס איז שטאָק פינצטער. מענער און פרויען רעדן עפּעס אַן אומפאַרשטענדלאַכן אידיש, וואָס קלעפּט זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. לעבן מיר, פיל איך, ליגט אַ פרוי, זי אָטעמט מיר אַריין אין פּאָנים, אַ גאַנצע נאַכט

ליגט אויף מיר איר שווערער באַרוויסער פוס און איך האָב זיך מוירע צו רירן. ערשט אינדערפרי זע איך, אַז די אַלע אידן מיט אידענעס זענען גאָר גויעם, וואָס רעדן פלעמיש.

מען שטעלט מיר אַ גאַנצע ריי אָפיציעלע פראַגן, מען גיט מיר אַ טוש און אײדער איך קוק זיך אַרום פאַל איך אַריין אין אַ געזאַל־צענער שיף, וואָס שטינקט מיט סמאָלע, אַלטע שטריק, פאַרזשאַווערט אייזן און שפּיטאַל. זעק און פעסער ליגן אָנגעוואָרפן איבער דעם גאַנצן דעק. מען גיט צו עסן גראָבע מאַכאָלים און שפּעטער פאַלט יעדער אַריין צו זיך אין אַן אייגענעם, פּריוואַטן געהענעם. מען ליגט פאַר זיך אַנדערטהאַלבן מעסלעס און מען פילט אַז די געדערים זעצן דיר אַרויס דורך דעם מויל און נאָז. מען הויבט אויף אַ שווערן קאָפּ און מען זוכט אַ וואַרים פּאָנעם אָבער מען זעט זיך אַרומגערינגלט מיט בלוטיקע סאָנים און וועמען אַרט עס צי עס איז טאָג־נאַכט־טאָג.

אָנגעקומען בעשאָלעם קיין האָל, נעמט מען צוזאַמען אַלע אידן מיט אידענעס און אַ ראַביי מאַכט איבער אונדז אַ בראָכע. ער האַלט אַ דראָשע וועגן דעם וואַנדער־פּאָלק איסראָעל, וועגן יעקבֿ׳ס פּיס וואָס זענען שוין מיד פון וואַנדערן. מען סערווירט אונדז ערגעץ אויף פינצטערע טישן, צווישן ווילגאָטנע ווענט. דער בויך איז נאָך פול מיט בלאָטערן פון דער קורצער שיף־רייזע. מען קייט מיט שרעק אַ שטיקל האַרט ברויט און מען הערט זיך אין אויב עס געשעט נישט קיין קאַטאַסטראָפע נאָך יעדן ביסן. מען זיפּט קאַלטע, כאַלאָשעסדיקע, מוטנע טיי.

אַ צוג, ליווערפּול. אַ האַכנאָסעס אוירכעם מיט עטלאַכע צימערן, וואָס זענען אייגנטלאַך איין צימער אָבער אָפּגעטיילט איינער פון אַנדערן דורך טרעפּ, גייסט אַרונטער עטלאַכע טרעפּ רעכטס און דו פאַלסט אַריין אין אַ צימער מיט בעטן און בעטן, עטלאַכע טרעפּ לינקס און דו ביסט אין עס־צימער.

איך טרעף זיך דאָרט מיט אַ יונגנמאַן. ער באַקענט מיך מיט זיין שוועסטער ליזאַ, אַ מיידל מיט רויטע האָר און זומערשפּרענקלאַך און מיט איר פריינדין, סאָניאַ, וואָס קאָקעטירט מיט צוויי לאַנגע שוואַרצע צעפּ — אירע צעפּ זענען אַזוי שוואַרץ אַז זיי קוקן אַזש אויס פייכט־לאַך. דער יונגערמאַן קומט מיר אויס אַ מאָדנער מענטש, ווייל ער פאָרט נישט קיין ניו־יאָרק, נאָר גאָר קיין קאָנעטיקוט. ער און זיין שוועסטער זינגען האַרצרייסנדע רוסישע ראָמאַנסן. מיר אַלע פיר קנאַקן רוסיש און בראָדיען אַזוי דריי טעג איבער די ליווערפּולער גאַסן.

אקוויטאַניע. מיר שטייען אויפן דעק. מען לאַדעוועט אַרויף געפעק. גרויסע יונגען מיט געזונטע הענט אַרבעטן און ווייצלען זיך. לעבן מיר אויפן דעק שטייט אַ הויכער מאַן, אַ 60 יעריקער מיט אַ שווערן אָפּגעשאָבענעם קאָפּ. דאָס גלאַט ראַזירטע פּאָנים קוקט אויס אַביסל הערמאַפראָדיטיש און עדיסאָן־מעסיג — נישט צו זען אַפילע דאָס מינדסטע הערעלע, בלויז ראָזעווע אָדערלאַך צעמאַפּעווען דאָס פּאָנים.

דער מאַן ווייצלט זיך דורך מיט די פלינקע יונגען, וואָס שטייען ביים האַפן און לאַדעווען אַרויף דעם באַגאַזש. ער פון דעק שרייט אַריבער צו זיי אַ וואָרט און זיי זעצן אַרויס אין געלעכטער. זיי ענטפערן אים אָפּ און ער קנאַלט אַרויס ווי אַ דונער. איך פאַרשטיי נישט קיין וואָרט, אָבער איך שלינג די טאַנאַליטעט פון דער נייער שפּראַך.

דער הויכער מאַן מיט דעם גרויסן קאָפּ איז אַן אַמעריקאַנער דייטש וואָס האָט באַזוכט זיין געבוירנשטאָט און איצט פאָרט ער צוריק קיין אַמעריקע.

דער אַמעריקאַנער דייטש צערעדט זיך מיט מיר שפּעטער אויף דער שיף און ער מאַכט גוטמוטיק כויזעק פון מיר און פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק. דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, זאָגט ער, פאָרט קיין ניו יאָרק און דאָס גאַנצע אידישע פאָלק פאָרט צו אַ פעטער און דער פעטער אַרבעט אין אַ שאַפּ ביי העמדער, ציגאַרן, אָדער ביי הויזן. ער גיט מיר אַן אייצע אַז איך זאָל האָבן דעם פעטער מיינעם גוט אין הינטן און פאָרן מיט אים אויפן לאַנד, וואו ער האָט פערד, קי, כאַזיי־רעם, הינער. ער איז מיך גרייט מיטצונעמען און אַפילע צאָלן מיינע רייזע־הויצאָעס פון ניו־יאָרק ביז צו אים. איך בין נאָך אַ יונגערמאַן, דאַרף איך נישט אַריינפאַלן אין אַ פינצטערן סוועט־שאָפּ. פאַרוואָס זאָל איך נישט לעבן אַ געזונט לעבן און אַרבעטן ביי געזונטער אַרבעט?

דער דייטש דערציילט מיר פון דער אַמעריקאַנער פּריירי, פון לופט פאַר אידישע צוזאַמענגעקוועטשטע לונגען, פון נעכט וואָס גיבן דיר רו און פון מאָדנע פייגל, וואָס שרייען ווייפּערוויל אַ גאַנצע נאַכט; און מיט אַ פעטלאַכן ווינק פון אויגל צו מיין יוגנט וויל ער מיך אויך נעמען מיט מייסעס וועגן שיקסעס, וואָס טליקן זיך אַרום באַנאַכט אין היי.

דער אידישער קוכער מיט דעם ווייסן טשיפּיק לאָזט נישט פאַר־געסן די אידישע פּאַסאַזשירן אַז עס איז שאַוואועס. ער קאָכט וואונ־דערבאַרע מילכיקע מאַכאָלים און זעלטן פיינע קוגלען. איך, מיין פריינד און די צוויי מיידן דרייען זיך אַרום ביז שפּעט אויף דער נאַכט

אויפן דעק און מיר זינגען „טשייקא", „ביסטרי קאַק וואָלני". ליזאַ איז אַביסל אַן אנעמיש מיידל און זי גייט פריער פאַר אונדז שלאָפן, אָבער די שוואַרצע סאָניאַ האָט אַ דראַטענעם אויסדויער. זי קושט זיך מיט מיר און מיט מיין שיף־כאַוועր, וואָס מאַכט איר קאָמפּלימענטן, אַז זי איז אַ ניטשעאַנישע איבער־מויד. סאָניאַ שווערט מיר אייביקע ליבע און איך איר אויך ענלאַכס. זי נעמט מיין כאַווער פאַר אַן אײדעס. זי שווערט גלייך מיין כאַווער הייליקע און געטרייע ליבע און נעמט מיך פאַר אַן אײדעס. מיר רייסן זיך קוים אָפּ פון סאָניאַן און צעגייען זיך אין אונדזערע קאַיוטעס.

סאָניאַ, די שיף־שוועסטער, איז פון שיף גלייך אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון אַ קאַצעוו, אַן אַמעריקאַנער שוועסטערקינד, וואָס האָט זי אימפּאָרטירט פאַר אַ קאַלע. איך האָב זי אַסאַך מאָל געזען אַרויס־קוקן פון אַ האַרלעמער בוטשער־שאַפּ. זי איז געשטאַנען ביים פענ־צטער און צווישן די זייטלאַך פלייש האָט זי אויסגעזען ווי אַ טרויעריק קעלבל מיט נאַרישע, גרויסע, פאַרבענקטע אויגן. און איך בין נישט געפאָרן אין די פריירים און נישט צום ווייפערוויל, נאָר דאַווקע אין ניו־יאָרק צו אַ פעטער אַ ציגאַר־מאַכער, וואָס איז מיך אַפילע נישט געקומען אַפּנעמען, ווייל ער האָט מוירע געהאַט צו פאַרלירן אַ טאָג־אַרבעט.

עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרץ. דער גאַנצער אָנשטעל פון מיין וועלטלאַכקייט האָט זיך פּלוצים געגומען ברעכן אונטער דעם וואָרימען טומל פון קושעניש און האַלדזעניש, פון פרייד־געשרייען, פון באָרעכאָבעס אין נייעם לאַנד. מיין אַריינפאָר איז ווייט נישט געווען קיין טריאומפאַלער.

אַ איד מיט אַ קנעפּל פון האַכנאָסעס אוירכעם איז מיט מיר אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג זוכן דעם פעטער, וואָס האָט שוין דורך דער צייט, זייט ער האָט מיר געשיקט די שיפס־קאַרטע געהאַט געביטן זיין אַדרעס שיינע עטלאַכע מאָל. נאָך גוט וואָס דער איד פון האַכנאָ־סעס אוירכעם האָט געהאַט געדולד. איך האָב אים פונדעסטוועגן געהיט ווי אַן עווענטאָוו. איך האָב מוירע געהאַט, אַז אָט־אָט וועט פּלאַצן זיין געדולד און ער וועט מיך פאַרלירן און אונטערוואַרפן.

אַ גאַנצן טאָג איז מיר נאָכגעגאַנגען דעם דייטש'ס געלעכטער, וואָס האָט אַרויסגעקנאַלט פון אַ מויל שווערע גאָלדענע ציין — דאָס אידישע פאָלק זוכט דעם פעטער —

איבער דעם קאָפּ האָבן געקלאַפּט פינצטערע אויבערבאַנען. עס האָבן טראַמאַסקעט שווערע וועגענער. פון אַ געשעפט האָט געגרע־

גערט אַ גראַמאָפאָן — „דאָס טאַליסל איז דאָך די איינציקע טרייסט״.

אַ געוויין איז מיר פאַרגליווערט געוואָרן אין גאָרגל. דער האַרטער באַרעכאַבע צו מיר האָט מיך איינגעשלעפערט ווי אַ בער און מיך פאַראייזט אויף שיינע עטלאַכע יאָר.

## V

דער בעסאַראַבער פון באַגאַטא האָט מיך געפּאַקט אויפן דעק און ער האָט זיך שיר צעקושט מיט מיר.

איר ווייסט גאָרנישט ווי איך זוך אייך אַרום — ווי מען זוכט אַן אויצער. אַזוי ווי עס איז שוין די לעצטע נאַכט פון אונדזער יאַזדע, מעג איך זיך פאַר אייך מוידע זיין, אַז איך האָב אייך ליב ווי אַ ברודער. און פאַרוואָס מיינט איר האָב איך אייך ליב? ווייל איר האָט אַ פּאָר גאָלדענע אויערן. אייערע אויערן זענען ווערט אַ מיליאָן. איר קענט זיצן און הערן און הערן און הערן, איר מעגט מיך טאַקע האָבן נײַן איילן אין דער אַדאָמע, ס׳מעג אייך טאַקע אַריין אין איין אויער און אַרויס דורכן אַנדערן, אָבער דערווייל זיצט איר און איר הערט מיט אַ פּאָר טייערע אויערן. איך בין אַ צעקראָכענער מענטש און אַז ס׳האַרץ ווערט מיר איבערגעלאָדן, מוז איך זיך אַרונטעררעדן פון האַרצן, אָבער גיי רעד, אַז מענטשן הערן נישט. איך רעד און איך זע, אַז ס׳וואָרט שוין אַ פּיסק, וואָס וויל זיך עפּענען און אויך רעדן. רעדן פון אַ מויל צו אַ מויל איז אַן אומגליק. און מיינט איר עפּשער אַז איך בין בעסער. איך האָב אויך נישט קיין געדולד, אַז מען דולט מיר אַ קאָפּ. אָבער אַז איך רעד צו אייך, רעד איך גלייך אַריין אין אַ פּאָר פיינע אויערן. איר הערט? איר זענט אַליין נישט קיין מייוון אויף זיך. ווען איך פאַרמאָג אַזעלכע אויערן וואָלט איך זיי פאַר־סטראַכירט.

פון אַ ווינקל הערט זיך אַ העברעאיש ליד. אַ יונג ווייבעריש שטימעלע הויבט אָן און ס׳העלפן גלייך אונטער צוויי טענאָרן, וואָס דעקן דאָס שטימעלע פון ביידע זייטן.

איר ווייסט ווער זיי זענען? דאָס זענען איידעלע קינדער, העב־רעאישע לערער. אַ יונג פּאָרל און אַ פריינט. זיי האָבן געהאַט גוטע שטעלעס, האָבן זיי עס איבערגעלאָזט און זיי פאָרן קיין ערעץ־איס־ראָעל. איר קענט זיך קוים פאָרשטעלן ווי איך בין זיי מעקאַנע. איי, ערעץ־איסראָעל. די פינצטערע מאָראַס האַמאַכפּיילע, דער מוטער ראָכלס קייווער, די קויסל האַמאַראָווי. איי, אַז איך דערמאָן זיך אין

ערעץ־איסראַעל, הויבט מיר אָן פּינטלען אין קאָפּ מיט קליינע אויסיע־לעך. איך דערמאָן זיך אין מיין מעלאַמעד, אַ פרומער איד מיט אַ לאַנגער גרייז־גרויער באָרד, ער האָט אַליין אויסגעקוקט ווי איינער פון די אָוועס. איר געדענקט? יאַנקעוו ליגט אין בעט און אַרום בעט שטייען זיינע צוועלף באָנים, יונגען ווי סאָסנעס איינס ביי איינס, כעוורע וואָס האָבן געקענט דערלאַנגען אַ קלאַפּ, אַז מען האָט באַ־דאַרפט. שטייען זיי אַרום בעט און ער זינגט צו יאָסעפן, מיט אַן אויסגעדאַרטן האַלדז, ווי מיין מעלאַמעד: וואַאַני, כאָטשבי, איך בין דיך מאַטריאַך מיט מיין קוואורע, אָבער צו דיין מוטער ראָכל האָב איך נישט אַזוי געטאָן. איר געדענקט? אַ שיינע מיינסע צו איר געדענקט. ביי מיר איז עס שוין ווי דורך אַ זיפּ, ס׳זיפּט זיך דורך אַ אידיש וואָרט. אָבער זיי רעדן דאָרט העברעאיש, ווי זיי וואָלטן געוועזן פון כומעש אַרויס. אָבער פאַרדאָן. מען מוז לויפן זיך אָביסל איבערטאָן, ס׳איז דאָך עפּעס די לעצטע נאָכט. היינט וועט דאָך ביי אַלעמען זיין וואָך־נאָכט. מען דאַרף אַריינכאַפּן אַ טאַנץ. איר הערט, איך האַלט פון אַריינכאַפּן, ווייל עס איז אַלץ ניטשעוואָ און בלאָטע. אָבער לעמאַן האַשעם לאָזט זיך זען אינדערפרי, איידער מיר גייען אַרונטער פון שיף. איך מוז דריקן אייער האַנט און אייך באַדאַנקען פאַר אייערע גאָלדענע אויערן.

אין טאַנצזאַל איז ענג. מען טאַנצט איינער אויפן אַנדערן. דער שווייס שלאָגט אין פּאָנים, אַזוי גיך ווי מען קומט אַריבער די שוועל, אָבער די פאַרלאַך שווימען עלעגאַנט אין דער ענגשאַפט. דער הויכער פּיאַניסט דרייט זיך אַרום אַ פאַרלוירענער און זוכט זיך צו דערשלעפּן צו דער טיר, וואָס פירט אין באַר.

ע טו? — שרייט ער אויס, ווען ער דערזעט מיך. איר אויך אין דער דאָזיקער טערקישער באָד מיט די ווייבער? ער כאַפּט מיך ביי דער האַנט, און זשאָנגלירט מיך און זיך קונציק אַרויס פון טאַנצזאַל.

דער באַר איז שוין אויך באַזעצט. דער פּיאַניסט געפינט ערגעץ אַ ווינקל און מיר זעצן זיך אַוועק. די ענגלישע מאַנערלאָכקייט האָט געכאַפּט אַן איבריקע קויסע. די געלעכטערס זענען דאָסמאָל פרייער און קלינגענדיקער ווי אַלעמאָל. אָבער איבער אַלע געלעכטערס הערט מען דעם וויאָלענטשעלדיקן באַריטאָן פון דעם בלאָנדן רוס.

סאָניעטשקאַ טי אָטשאַראָוואַטעלנאַ.

דער מיטלסטער גרויסער טיש איז באַזעצט מיט דער יונגער רוסישער קאָלאָניע. סאָניאַ יאַקאָווליעוונאַ קיניגט אין צענטער פון טיש. סאָניאַ איז היינט אויסגעפּוצט און אַרומגעהילט מיט אַ טערקי־

## III

אויף דער שיף איז מיין אַלטע היים פֿאַר מיר העכסטנס געווען הינטערגרונט. יעדעסמאָל ווען איך האָב זיך אַביסל פֿאַרפּלאָנטערט און פֿאַרלוירן דעם פֿאָדעם, האָב איך זיך קוידעמקאָל צוריקגעפֿירט צו דער אַלטער היים, קעדיי צו האָבן אַ פֿונוואַנען. מיינע טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער זענען אָבער פֿאַר מיר געווען פֿאַרגאַנגנהייט. עמעס, דער געדאַנק וועגן דער מאַמעס קראַנקהייט האָט פֿאַר מיר אַלעמאָל אויפֿגעטויכט ווי אַ רעפֿרעין פֿון אַ טרויעריק לידל, נאָר די מאַמע אַליין איז נישט געווען אינגאַנצן רעאַל. אַלעמאָל ווען איך האָב זיך דערמאָנט אין איר, האָב איך געמוזט אויפֿקנוילן אַ לאַנגן קנויל און צוריקקומען צום אָנפֿאַנג און צו פֿאַרגאַנגנהייט.

פֿון שיף האָב איך אַפֿילע געשיקט אַ קייבל, אָבער עס איז געווען אין דעם אַ גרויס שטיק פֿון דעם פֿאַרלאַנג זיך אַ שפּיל צו טאָן מיט די געהיימנישן פֿון דער וויסנשאַפֿט. אַ דין בריקל האָט מיט דעם קויאַך פֿון דער דראָטלאָזער דעפּעשע פֿאַרט אַ ציטער געטאָן צווישן מיר, אויף דער שיף, און זיי דאָרט אינדערהיים. עס האָט געדויערט אַ ווײַלע און דאָס בריקל איז פֿאַרשוואונדן ווי אַ מיראַזש.

אָבער זייט איך בין אַרונטער פֿון דער שיף איז מיין אַלטע היים געוואָרן ציל. דאָס וואָס איז געווען פֿאַרגאַנגנהייט האָט זיך איצט פֿאַר מיר אָוועקגעשטעלט מיט דער גאַנצער רייצנדיקער מיסטעריע פֿון צוקונפֿט, אַ צוקונפֿט וואָס דו ווילסט שוין, אַז עס זאָל ווערן איצט. ביסט גרייט איבערצוהיפּן וואָכן און כאַדאָשים אַבי צו ברענגען יענע צוקונפֿט נענטער צו זיך. אָט־אַזוי פֿילט אַ קראַנקער, וואָס וויל שוין עלטער ווערן מיט עטלאַכע כאַדאָשים אַבי אַרויסצוקריכן פֿון קראַנקן בעט און זען אַ געזונטע זון. אָט־אַזוי פֿילט אויך אַמאָל אַ טאַטע, ווען ער וואָלט שוין גערן עלטער געווען מיט עטלאַכע יאָר, אַבי צו זען זיין קינדס צוקונפֿט. פֿאַראַן צופֿיל אַזעלכע פֿאַלן אין מענטשנס לעבן, ווען מען לעבט נישט דעם איצט, נאָר מען היפּט איבער טעג און וואָכן פֿאַר אַ צווייפֿלהאַפֿטער צוקונפֿט.

אַלץ האָט מיר נאָך דער שיף אויסגעקוקט ווי אַ שנעלע און דיר־רעקטע ליניע אַהיים. איך האָב גאַנץ גוט געפֿילט, אַז דאָרט אין דערהיים וואַרט אויף מיר אַ קאַמער מיט צאַרעס און דאָך האָט מיך געצויגן צו קומען וואָס שנעלער אַהיים. איז עס געווען דאָס געפֿיל וואָס גיכער איבערצוקומען? כ׳גלויב קוים. איך האָב געבענקט, איך האָב זיך געזען אין פֿאַרשידענע פּאָזעס ביים אַהיימקומען. איך

האָב זיך געזען אויף דער דראָזשקע, ביי דער טיר, אָבער קיינמאָל נישט געוואָגט אַריבערצוגיין די שוועל. אָט־דאָס געפיל האָב איך אַפילו נישט געוואָלט קאַליע מאַכן דורך פאַרכאַלעמען, איך האָב עס איבערגעלאָזט פאַר דער רעכטער מינוט.

איך בין געוואָרן נערוועז און אומגעדולדיק. איך האָב גע־וואוסט, אַז דאָרט אין דער אַלטער היים האַלט מען פאַר אַ לעצטן אַקט און מען וואַרט אויף מיר אויפצוהויבן דעם פאָרהאַנג. דער לעצטער אַקט איז אומפאַרמיידלאַך, אָבער דאָס גאַנצע הויז וואַרט אויף מיר, ווייל מען וויל אַז מיר נישט ענדיקן דאָס שפּיל. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן און דאָך האָט מיך געצויגן אַהין מיט מוירע, טאָמער וועל איך כאַלילע פאַרלירן אַ טראָפּן פון דעם, וואָס עס איז באַשערט מיינע נאָענטע. ווער ווייסט צי זיי וועלן דאָרט אַזוי לאַנג אויסהאַלטן וואַרטנדיק אויף מיר.

אויב איך האָב אויף דער שיף שפּאַצירט, ווי די דעק וואָלט גע־ווען אַ לאַנגער, זוניקער טאָל, וואָס פירט אין ערגעץ נישט, אויב מיינע דערמאָנונגען זענען דאַמאָלס געווען קאַלטע און פונוויטנדיקע, בין איך איצט געוואָרן געשפּאַנט, אַז איך האָב אַפילו נישט גע־וואָלט זען קיין מענטשן—אַלץ האָט מיר אויסגעזען ווי שטיינער אויפן וועג צום הויפּט־ציל. איך האָב שוין מער נישט געוואָלט זיך אַריינ־וועבן אין אַ פרעמדער וועלט מיט פרעמדע מענטשן, וואָס איך זאָל דאַרפן אַליין אויפהאַלטן און צוזאַמענהאַלטן, מיט געשפּרעכן וואָס זאָלן פאַר מיר מוזן ווערן געשעעניש. דאָס אַלץ האָט מיר איצט אויסגעזען ווי אַ פאַרשווענדעניש פון צייט. איך האָב באַשלאָסן אויף ווי ווייט מעגלאַך צו פאַרבלייבן מיט זיך. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַפילו ווען איך ווייס נאָך נישט גענוי ווי אַזוי, האַלט איך ביי קומען גאָר נאָענט צו אַ געשעעניש, וואָס וועט מיר עפענען די אויגן און קלאָר מאַכן אַסאַך אומקלאָרקייטן. איך האָב דערפאַר נישט געוואָלט זיך לאָזן אַרונטערשלאָגן פון וועג. מיר איז אויסגעקומען, אַז ערשט איצט בין איך אויף דעם ריכטיקן שליאַך און איך טאָר דערפאַר נישט בלאָנ־דזשען.

דער רעגלמעסיקער טעמפּ פון די רעדער האָט מיך אַביסל באַ־רואיקט און דאַווקע דערפאַר, ווייל עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז דער צוג איז אָנגעשטעקט מיט מיין אומרו. דער צוג לויפט, לויפט, לויפט אַן אָפּשטעל צו מיין מאַמען. ווען איך בין געזעסן מיט די אויגן געשלאָסן, איז מיר דער צוג אויסגעקומען אַביסל קאָנטיק. דוכט זיך, אַז דאָס איז דערזעלבער צוג, וואָס האָט מיך נאָך האַלבער נאַכט

מיט צוואנציק יאָר צוריק אָוועקגעפירט פון דער הײם. איצט איז אויך נאָך מיטנאַכט און עס װאָלט געװען אַ שטיקל קאָמפּענסאַציע, אַז דאָס זאָל דורך אַ נעס דאַוקע זײן דערזעלבער צוג.

אָבער אַז איך עפן די אויגן צערינען די אַלע סענטימענטאַלע געדאַנקען־צויטן. דער װאַגאָן איז אינגאַנצן נישט ענלאַך אויף יענעם װאַגאָן מיט צוואנציק יאָר צוריק. יענעם צוג װאָלט איך דערקענט אַן אָפּגעשוונדענעם!

לעבן מיר זיצט אַ גאַלעך מיט אַ ברײטן גאַלאַכישן ראָק און אַ ברײטן אָפּשטײענדיקן קאָלנער װי אַ באַשליק. דער ראָק קוקט אויס װאָרים װי אַ קאָלדרע. דער גאַלעך טראָגט סאַנדאַלן אויף די באָרװיסע פּיס. ער האָט אַ לאַנגע, געלבליכע באָרד און אַן אומ־געװענלאַך ברײטן זיצער, װאָס פאַרנעמט אַסאַך שעטאַך, אַזוי אַז איך בין צוגעקװעטשט צום װינקל. די אַנדערע פּאַסאַזשירן אין דעם אומ־הײמלאַכן װאַגאָן זיצן און דרימלען. דער גאַלעך איז דער אײנציקער פּאַסאַזשיר, װאָס איז אויף. ער לײענט געמיטלאַך אַ פּראָװינציזשע צײ־טונג. מיט אײן האַנט גיט ער זיך אַלעמאָל אידישלאַך אַ גלעט די באָרד, פון דער גאָמבע ביז אַרונטער און פאַרענדיקט געװײנלאַך מיט אָװעק־שאָרן די װאָנסן פון מויל.

יעדער אײנער איז פאַרטוליעט אין זיך און עס זעט אויס, װי מען װיל פאַרשלאָפן אַ שטיק אומגליק און װי מען װיל זיך אײנער מיט דעם אַנדערן גאָרנישט אָנקערן. בעאײן ברײרע האָב איך אויך געשלאָסן די אויגן, כאָטש מיר האָט זיך גאָרנישט געגלוסט צו שלאָפן.

פון דרימל האָט מיך אויפגעװעקט אַ קאַלטער שוידער, װאָס האָט אויפגעטרײסלט אַלע מײנע פאַרשלאָפענע בײנער מיטאָמאָל. דער גאַלעך איז שוין נישט געזעסן לעבן מיר, נאָר אַ מענטש װאָס איז געװען דער היפּעך פון דעם גאַלעך. אַ דינער, מיט אַ קלײן קעפּל און מיט דינע פאַרשנורעװעטע ליפּן. זײנע הענט, װאָס ער האָט גע־האַלטן פאַר זיך אויף די קני, װי ער װאָלט פּאָזירט פאַר אַ קאָנװענ־ציאָנעלער פאָטאָגראַפיע, זענען געװען אַזוי דין און דורכזיכטיק, אַז מען האָט אַרויסגעזען די בײנער. װען איך האָב אויפגעעפנט די אויגן, האָט ער אַ קוק געגעבן אויף מיר און ער האָט זיך גלײך אָפּ־געקערט, נאָך מער פאַרשליסנדיק דאָס מויל זײנס, אַז די דינע ליפּן זײנע זענען אינגאַנצן פאַרשװאונדן. עס האָט אויסגעזען װי ער װאָלט זיך געװאָלט פאַרזיכערן, אַז ער זאָל נישט אויסרעדן קײן אײן װאָרט.

איצט איז שוין געװען לײכטער אײנצוזען, אַז אויפן װאַגאָן זיצן

מענטשן, וואָס קערן זיך יאָ אָן איינער מיט דעם אַנדערן. אַ פּרוי וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער באַנק האָט זיך שוין גענומען שאָפן מיט דעם מאַן, וועלכער איז געזעסן לעבן איר אויף אַ קאָרג שטיקל פּלאַץ, וואָס זי האָט אים אָפּגעלאָזט. דער מאַן האָט זי פאַרשלאָפּע־נערהייט באַדינט.

צוויי מענער זענען געשלאָפן אָנגעלענט איינער אויף דעם אַנ־דערן. עס איז אָפילע געווען שווער צו טרעפן צי דאָס זענען טאָקע פריינד, אָדער ווילד־פרעמדע, וואָס דער שלאָף האָט צוזאַמענגעפירט—עפּשער גאָר אַן „אַריער" מיט אַ „ניט־אַריער". אַ פרוי איז געזעסן ווייט אין אַ ווינקל. איין אויג איז ביי איר געווען האַלב־אויפגעעפנט. זי האָט זיך געריסן אויפצועפענען בײדע אויגן, אָבער זי האָט נישט געוואָלט זיין די ערשטע צו שטערן די האַרמאָניע פון פאַרשלאָפנקייט.

איך האָב מיט געוואָלט אויפגעריסן מיינע פאַרשלאָפענע הענט און פיס און טרעטנדיק ווי אויף זאַמד מיט גומענע טרעטערס, וואָס האָבן אין זיך נישט געהאַט קיין טראָפן בלוט און קיין ביסל לעבן, האָב איך זיך קוים דערשלעפּט ביז צום ענגן קאָרידאָר.

פאַרביי די פענצטער זענען געלאָפן טוי־פייכטע פעלדער, קליינע שטעטלאַך מיט שטייניקע בערג. דער הימל איז געווען אַ פאַרוואָלקנ־טער מיט אַן אָנזאָג אויף רעגן.

לעבן מיר איז געשטאַנען אַ נידריקער, ברייט־פּלייציקער מאַן, אין די ערשטע פערציקער. ער האָט געקוקט אויף די פאַרבייפליענ־דיקע פעלדער, וועלדער, און קליינע שטעטלאַך און אַלעמאָל אומגע־קערט דעם קאָפּ צו מיר, ווי ער וואָלט מיר עפּעס געוואָלט זאָגן. אָבער יעדעס מאָל, ווען ער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף מיר, האָט ער זיך פאַרלוירן און צוריק איינגעגעסן די אויגן אין דער פאַרהויכטער שויב פון וואַגאָן־פענצטער.

ענדלאַך האָט ער מיר עפּעס אַ זאָג געטאָן אויף דייטש און ווען ער האָט געזען, אַז מיין ענטפער קומט נישט גלייך, האָט ער אין אַ געבראָכענעם ענגליש, פאַרזיכטיק טאַפּנדיק די ווערטער, מיך גע־פרעגט, אויב איך בין אַן אַמעריקאַנער.

ער האָט געטראָגן אַן אַנצוג, וואָס האָט אַרונטערגעשמעקט פון אים מיט זויבערקייט. די הויזן זענען געווען פאַרזיכטיק געפּרעסט, אַז עס איז פּאַשעט געווען אַ וואונדער צו זען אַזאַ אויסגעפּרעסטקייט פאַרטאָג, ווען יעדער איינער שלעפּט זיך ערשט אַרויס פון צוזאַמענ־געקאָרטשעטקייט. ער איז נישט געווען בלאָנד מיט דער פרעכער דייטשער בלאָנדקייט — אַזאַ בלאָנדקייט וואָלט נישט געפּאַסט צו זיין

גאַנצער באַשיידענער האַלטונג. זיינע האָר זענען געווען טונקל־בלאָנד און ערטערווייז זענען זיי שוין געווען באַזאַלצן און באַפּעפּערט מיט אַ שפּיזלדיקן גרוי. ער האָט געהאַט אַ גרויס פּאָנים מיט אַביסל קורצזיכטיקע טרויעריקע אויגן.

ער איז אַ געשעפטסמאַן. ער פֿאָרט איצט פֿון פּאַריז צוריק אַהיים. ער האָט אַמאָל געטאָן גוטן מיסכער מיט אַמעריקע. איצט אָבער, און ער לאַכט, ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ וויץ, האָט אַמעריקע אויפגעהערט צו האַנדלען מיט אונדז. דערפֿאַר איז קאַנאַדע נאָך אַלץ אַ גוטער קוינע.

אַמעריקע באָיקאָטירט? פֿרעג איך מיט אַזויפֿיל גלייכגילטיקייט, ווי עס איז נאָר מעגלאַך געווען.

ער לאַכט, ווי עס וואָלט אים גוואַלטיק האַנאָע געטאָן, ווי די גאַנצע זאַך וואָלט געווען אַ קינדישער שפּיל און ער אַ זייטיקער דער־וואַקסענער צוקוקער.

יאָ, באָיקאָט! באָיקאָט!

ווי גייט עס עפּעס? פֿרעג איך ווידער מיט דער גרעסטער פֿאַר־זיכטיקייט, זוכנדיק צו געווינען זיין צוטרוי.

נישט זייער גוט! גרויס אָרימקייט צווישן די אַרבעטער, אַסאַך פֿאַבריקן שטייען ליידיק. זיין זייד־פֿאַבריק, זאָגט ער מיר אָפֿנהאַרציק, האָט אויך געמוזט אָפּזאָגן אַ העלפֿט אַרבעטער.

מיט וואָס־זשע וועט זיך עס ענדיקן? ווער איך אַביסל מוטיקער.

ער כאַפּט אויף מיר אַ קוק און צעלאַכט זיך מיט זיינע מעלאַנ־כאָליש־קורצזיכטיקע אויגן. ער לאַכט און שטיקט זיך אַזש פֿון הילפֿ־לאָזיקייט.

מיר טאָרן נישט רעדן! מיר טאָרן גאָרנישט רעדן! גאָרנישט. עס איז בעסער אַזוי, גאָרנישט רעדן!

איך הויב ווידער אָן פֿאָרזיכטיק צוריקצוגיין צו אומשולדיקע פֿראַגן, ביז איך קריג אַ שטיקל געלעגנהייט אים צו פֿאַרטשעפּן, אָבער ער לאָזט זיך שוין מער נישט. ווען ער דערשנאַפּט, אַז מיר געפֿינען זיך אויף דער גרעניץ פֿון אַ פֿראַגע, וואָס שמעקט מיט געפֿאַר, האָט ער איין טערעץ:

מיר טאָרן נישט רעדן.

און ער לאַכט ווידער פֿון גרויס הילפֿלאָזיקייט, וואָס ער מוז מיט מיר זיין אומהעפֿלאַך. זיין געלעכטער פֿאַרקייכט זיך אין אַ קוויטש, און איז אַביסל אַ היסטערישער, ווי דאָס געלעכטער ביי אַ טייל מענטשן, ווען זיי דערהערן אַ טרויעריקע בסורע.

ער דערקלערט מיר, אַז עס איז נישט אין זיין נאַטור צו זיין אומהעפלאַך, אָבער מען טאָר נישט רעדן. ער זוכט אַפילו אַפּצודינגען פון דעם, וואָס עס האָט זיך ביי אים פריער אַרויסגעכאַפּט, אַז די פאַבריקן פוסטעווען און אַרבעטער זענען שרעקלאַך אָרים.

עס וועט מיסטאָמע ווערן בעסער, — זאָגט ער.

די וואַגאָנען הויבן אָן אויפצואוואַכן און אין קאָרידאָר הויבט מען אָן טומלען. פון אַלע זייטן נעמט מען גיין אין שלאָפּרעק. מען וואַרט אומגעדולדיק אַרום די וואַש־צימערן אויף די גאַזלאָנים, וואָס האָבן פאַרכאַפּט און זיצן אינוווייניק ווי ביים טאַטן אין ווייגאַרטן.

דעם דייטשס פּאָנים ווערט אין מאָרגנליכט נאָך קאַנטיקער און ליבער. די ברוינלאַכע אויגן שטענדיק גרייט צו געבן אַ שמייכל. זיינע אויסערגעוויינלאַך ברייטע פּלייצעס האָבן אין זיך אַסאַך גוואורע, אָבער דאָס פּאָנים, מיט דער גאַנצער שווערקייט און גרויסקייט, פאַרמאָגט איידלקייט.

מענער און וויבער שרייען זיך דורך אויף אַ ניו־יאָרקער אידישן ענגליש און דער דייטש מאַכט צו מיר קעמאַט מיט יערעס האַקאָוועד.

אַסאַך אַמעריקאַנער פאָרן איצט קיין איראָפּע.

יע, וויזט אויס.

ס׳גייט פאַרביי אַ הויכער איד אין אַ קורצן שלאָפראָק. ער קוקט מיר שאַרף אַריין אין די אויגן.

יו פאָרגאַט יאָר רעיזער! שרייט אים נאָך אַ פרוי.

דאַטסרייט! ער גייט צוריק, גייט מיך ווידער פאַרביי און קוקט מיר ווידער שאַרף אין די אויגן.

וואַצעמערע וויט יאָר טאועל? — שרייט אים ווידער נאָך דיזעלבע פרויענשטים.

דעמעט! ער גייט ווידער צוריק, נעמט אַ האַנטוך, גייט מיך פאַרביי און נאָך אַ פאַרשנדיקן בליק שטעלט ער ענדלאַך איין און זאָגט „גוד מאָרנינג״ מיט אַ טאָן ווי ער וואָלט מיר געזאָגט: „שאָלעם אַלייכעם, אַ איד!״

גוד מאָרנינג!

גוד מאָרנינג!

ס׳טראָגן זיך פאַרביי מינען־שטעטלאַך, פאַררויכערטע הייזער, מענטשן גייען צו דער אַרבעט מיט קענדעלעך. מאַשינען שטייען אויף פאַרזשאַווערטער ערד. דער צוג לויפט, דער דייטש קוקט אַרויס פון פענצטער און ער רעדט ווי צו זיך אַליין וועגן בעלגיע׳ס קוילן־מינען,

אייזן־מינען, קופער און צינק און אויך וועגן איר וואָל, געוואַנט און זייד־אינדוסטריען.

דער קאָנדוקטאָר מיט די שיין־פּאַרקעמטע און פאַרשטייפטע שוואַרצע וואָנסעלאַך, וואָס איז עטלאָכע מאָל פאַרבייגעגאַנגען, שטעלט זיך אָפּ און ער רופט מיך מיט דעם דייטש. מיר גייען אים נאָך און ער פירט אונדז מיסטעריעז אין אַ באַזונדערן וואַגאָן. ער עפנט אויף דאָס פענצטער און הייסט אונדז ביידע אַרויסקוקן.

פון דער זייט פענצטער לויפט דער צוג דורך ריזיקע בערג, וואָס זעגען נישט מעשופּעדיק, נאָר גלייכע הויכע ווענט, וואָס פאַר־פינצטערן דעם וואַגאָן ווי דער פינצטערסטער טונעל. מיר קוקן אַרויס און זעען גאָרנישט, אָבער דעם קאָנדוקטאָרס פּאָנים איז פול מיט דערוואַרטונג. פּלוצים גיט דער קאָנדוקטאָר אַ שריי אויס:

„לע רואַ״!

מיר ביידע, איך און דער דייטש, רייסן אַרויס די קעפּ פון אָפענעם פענצטער. דער קאָנדוקטאָר קוקט אַרויס דורך אַן אַנדער פענצטערל. מיר רייסן די קעפּ אַרויף און מיר קענען אַלץ נישט דערזען דעם שפּיץ פון דעם הויכן מוירעדיקן באַרג. דער צוג גייט אַביסל לאַנגזאַמער פאַרביי דער דאָזיקער ריזיקער וואַנט, וואָס קוקט אויס צו האָבן אַלערליי קאָלירן פון פאַרזשאַווערטן אַרץ.

פּלוצים דערזעען מיר, ביים פוס פון אַ שטיק באַרג, בלומען, און אויף דעם באַרג דעם דאַטום — פעברואַר 17, 1934, און נאָך עטלאָכע ווערטער, וואָס מיר האָבן שוין נישט באַוויזן צו כאַפּן, ווייל דער צוג איז שוין געהאַט פאַרבייגעלאָפן. ס'ווערט מיר אָבער גלייך קלאָר, אַז אויף דעם שטיק באַרג האָט קעניג אַלבערט פאַרענדיקט זיין קאַריערע אַלס קלעטערער. שווער צו פאַרשטיין, וואָס דער קעניג האָט דאָ אויף דעם פאַרוואָרפענעם שטיק געפאַר געקענט זוכן, אַכוץ עפּשער דעם טויט.

דער קאָנדוקטאָר קוקט נאָך אַלץ צוריק צו דער באַרגיקער מאָ־ציייוועֿ. איך רייס דעם קאָפּ אַרויף און עס כאַפּט מיך אָן אַ גרויל, ווען איך טראַכט, אַז אַלבערט דער ערשטער איז ערשט מיט עטלאָכע כאַדאָשים צוריק אַרונטערגעפאַלן פונדאַנען און געבליבן ליגן אונטן, וואו עס ליגן איצט די בלומען. דער קאָנדוקטאָר נעמט אַריין דעם קאָפּ און בלייבט זיצן אַן ערשעפּטער, ווי ער וואָלט דורכגעמאַכט אַ שווערע דערפאַרונג, גלייך ער וואָלט איצט געווען ביי די לעצטע מינוטן פון קעניג אַלבערט. אויף אונדז קוקט ער ווי אויף גליקלאַכע מענטשן, ווייל מיר האָבן זויבע געווען צו זען אַזוינס, וואָס קיינער אין צוג האָט נישט געזען.

ווען מיר האָבן אים געדאַנקט פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט, האָט ער עס צוגענומען מיט אַ מינע, אַז מיר פאַרמאָגן גאָרנישט אַזוינס מיט וואָס אָפּצודאַנקען פאַר דער פייערלאַכער רעגע, וואָס ער האָט אונדז צוגע־שאַנסט.

ווידעראַמאָל בין איך געשטאַנען מיט דעם דייטש אין דעם ענגן קאָרידאָר פון אונדזער וואַגאָן. איך האָב געקוקט גלייכגילטיק אויף די גרינע שטרעקעס און איינזאַמע הייזלאַך. אָבער דער דייטש האָט געשלונגען אַלץ וואָס איז פאַרבייגעפלויגן, מיט אַן אומגעדולד, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט מיט די אויגן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ ריס געטאָן און אויסגעשטרעקט די האַנט ווייזנדיק דורך דעם פענצטער. די האַנט האָט געציטערט ווי ביי אַן אַלטן און די אויגן זיינע זענען געוואָרן נאָך פאַרבענקטער און טרויעריקער.

איר זעט! אָט דאָס איז אַמאָל געווען אינגאַנצן אונדזערס. אונ־דזערס — ער האָט געמאַכט אַ פויסט, ווי ער וואָלט דאָס אַלץ גע־האַלטן אין האַנט — האָט מען עס ביי אונדז מיט געוואַלט צוגענומען.

עס האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן און די ציטער־דיקע האַנט האָט ווי געצערטלט דאָס פעטע גרינס, וואָס האָט זיך פאַר־בייגעטראָגן.

איך האָב נאָך גלייכגילטיקער געקוקט אויף די שטיקער ערד. עס איז מיר געווען אַ ראַכמאָנעס אויף דעם מענטשן, וואָס האָט איצט אינגאַנצן קאָנוואולסירט. איך האָב געזוכט דעם לעבעדיקן שייכעס צווישן דעם שעטאַך, וואָס דער צוג האָט איצט געפרעסן מיט אַ זעלטן־אויסגערעכנטן און געמאסטענעם אַפּעטיט, און זיינע אויגן, וואָס זענען געווען פאַרטרערט. אָבער מיין ראַכמאָנעס האָט נישט געביטן מיין גלייכגילט. איך האָב זיך אַפילע גענומען איינרעדן, אַז איך בין אים מעקאַנע, וואָס ער פילט זיך אַזוי פּערזענלאַך באַרויבט, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. מיר איז נישט געלונגען זיך אַליין אָפּצונאַרן — איך בין אים אַבסאָלוט נישט מעקאַנע געווען.

דער איד אין מיר, דער ציגיינער אין מיר. דער וועלט־פּאַטריאָט, דער אַוואַנטוריסט, דער אינטערנאַציאָנאַליסט. — איך האָב זיך אַליין גענומען דרייען פאַרן אויער און זיך זידלען מיט דעם גאַנצן וואויל־באַקאַנטן אַנטיסעמיטישן לעקסיקאָן, דערפאַר, וואָס מיר איז נישט באַשערט אַזאַ ווארימע באַציאונג צו שטיקער אָפּגעביסענע לאַנד־שטרעקעס, וואָס איין לאַנד רויבט ביים אַנדערן — דער איד אין מיר!!

עס האָט מיך פּלוצים גענומען צושפּאָרן, איך זאָל ווי־ניט־איז אַריינשמוגלען, אַז איך בין אַ איד. איך האָב גענומען פילן, אַז

עס איז גאָרנישט עטיש פון מיין זייט לעגאַבע די עטלאַכע הונדערט טויזנט דייטשע אידן צו שטיין אַזוי אָן מוירע לעבן אַן „אַריער" און זיך אַפילע נישט אַרויסגעבן ; עס איז אויך נישט אינגאַנצן אָנשטענדיק פון מיר לעגאַבע דעם „אַריער", אַז איך זאָל אים אָפּנאַרן. איך האָב זיך גענומען שלאָגן מיט דער דייע, ווייל עס איז מיר געווען אַ גרויס ראַכמאָנעס אויף דעם דייטש, וואָס איז איצט שוין סיוויי געווען אַ צעטרייסלטער. זאָל איך אים איצט אונטערדרוקן אַ ניי פּראָבלעם און אים אויפסניי ערשט פאַרביטערן דאָס לעבן מיט מיין אידישקייט ? אַ שעד האָט מיך אָבער געשטופּט צום סאַמע ברעג פון אָפּגרונט. איך בין שוין נישט געווען ביי זיך אין די הענט, די צונג האָט שוין געוועלטיקט, ווערטער האָבן זיך גענומען אַרונטערקייקלען מיט עטלאַכע רעגעס פריער, איידער איך האָב געהאַט געמאַכט מיין באַשלוס.

אַלס איד קען איך נישט פאַרשטיין אַזאַ פערזענלאַכע צוגעבונדנ־קייט צו אַ שטיקל ערד, אַזאַ רירנדן פּאַטריאָטיזם. איך וואָלט אַוואַדע געוואָלט זאָגן, אַז איך שאַץ עס אָפּ און אַז איך באַוואונדער עס, אָבער אַפילע אויס העפלאַכקייט קען איך דאָס נישט, ווייל איך באַגרייף עס פּאַשעט נישט. העכסטנס קען איך צוגעבן, אַז עס איז פאַר מיר אַ טראַגי־קאָמיש געפיל.

האָב איך עס געזאָגט הויך גענוג ? האָב איך פּעסט אונטער־געשטראָכן מיין אידישקייט ? דער דייטש איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ צוגעפרוירענער צום פענצטער. אָבער ניין, איך האָב אָנגעהויבן באַ־מערקן, אַז אַ ווינקל פון זיין אויג האָט זיך לאַנגזאַם גענומען קערעווען צו מיר. איך האָב געפילט, אַז אין אים קומט עפּעס פאַר אַן ענדע־רונג, כאָטש ער האָט עס געזוכט צו באַהאַלטן. ער וואָלט איצט זייער שטאַרק געוואָלט אויף מיר כאַפּן אַ פולן זייטיקן בליק, אָבער איך האָב געקוקט אויף אים מיט דעם גאַנצן פּאָנים און מיט אָפענער דער־וואַרטונג.

פון העלער הויט האָט ער אַרויפגעלייגט זיין ציטערדיקע האַנט אויף מיין פּלייצע. אַ שווערע האַנט, אָבער ער האָט זי געהאַלטן אויף מיר מיט צערטלאַכקייט. באַלד האָט ער די האַנט אַרונטערגעכאַפּט און גענומען מיין רעכטע האַנט אין זיינע ביידע און זי גע־וואַרעמט.

עס וועט נאָך זיין רעכט ! עס וועט נאָך זיין רעכט ! איך פאַרשטיי גוט אייער באַרעכטיקטע אידישע ראַכע. אָבער עס וועט נאָך זיין רעכט !

עס איז געווען אַ שרעקלאַכער פּלאָנטער, איך האָב קוים געקענט

אויספלאָנטערן, אַז איך פיל צו אים פערזענלאַך קיין שום סינע, אַז מיך וואָלט נישט געאַרט, ווען דייטשלאַנד וואָלט צוריקגעקראָגן אירע שטיקער ערד. פאַר אים איז עס געווען נאָך פלאָנטערדיקער מיר צו דערציילן, ווי טיף ער פילט די אָולע, וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן דייטשלאַנד, און דאָך איז ער נישט מאַסקים מיט אַלץ, וואָס עס ווערט איצט דאָרט געטאָן אין נאָמען פון אויפלעבונג. ער איז ווייט נישט מאַסקים. אָבער ווי געזאָגט, מען טאָר נישט רעדן. ביי אים אויפן גאַס וואוינען עטלאַכע אידישע פאַמיליעס. ער האָט זיי קיינמאָל פערזענלאַך נישט געקענט, אָבער איצט שיקט ער זיי געהיימע בריוולאַך, טרייסט־בריוולאַך, אַז עס וועט נאָך אַלץ רעכט זיין! זיי גייען אָבער אום מיט געבויגענע קעפּ און לאָזן זיך נישט טרייסטן, זיי קוקן אויס פאַרשעמט. מיר, דייטשן, וואָס זענען צעדריקט געוואָרן נאָך ווערסאַל, האָבן ענדלאַך געפונען וועמען צו דערנידריקן, אָבער אום גאָטעס ווילן, מען טאָר נישט רעדן.

די לעצטע ווערטער האָט ער קעמאָט אויסגעשריגן ווי אַ וואָרנונג צו זיך אַליין, ווייל אין וואַגאָן האָבן זיך געפונען באַוויזן בלאָנדע זיבעצן־אַכצן יעריקע יונגען מיט סוואַסטיקאַ בענדער אַרום די אָרעמס. זיי זענען געווען שטאָלצע און פריילאַכע. די גראָבע פויערשע פּעני־מער האָבן געלאַכט. די פיס האָבן געטראָטן ענערגיש אין וואַגאָן, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף ערד, אייגענער און זיכערער. יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן מיר אַ לייכטן שטויס געטאָן פאַרבייגייענדיק, האָבן זיי זיך העפלאַך אַנטשולדיקט. אַלע וואַגאָנען זענען געוואָרן פול מיט זיי. זיי האָבן פריילאַך און געשיקט געהויבן די הענט איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן מיט אַ מושטירטער עלעגאַנץ. יעדעס מאָל האָט אַ האַנט אַ שווים געטאָן אַנטקעגן אַן אַנדערער. עס האָט געגומען רוישן און זשומען מיט זיי, ווי מיט אַ גאַנצער טרופּע סטאַטיסטן אין אַן אָפּערע. עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט וועט אַ זעץ טאָן אַן אָרקעסטער און זיי וועלן זיך אַלע צעזינגען. זיי האָבן אויסגעקוקט אויסגעוואַשענע, ווי זיי וואָלטן ערשט אויפגעשטאַנען פון שלאָף.

שווערלייביקע קאָנדוקטאָרן זענען אויך יעדעס מאָל אַריינגעקומען מיט אַ „הייל", אָבער ביי זיי, ביי די עלטערע, איז עס אויסגעקומען ווי אַ רוטינע, ווי אַ טרויעריקע פליכט.

אַכען! האָט מיין דייטש, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען לעבן מיר, אַ זאָג געטאָן. זיינע ליפּן זענען געוואָרן צוזאַמענגעפּרעסטער. יעדעס מאָל, ווען עס האָבן זיך געהויבן הענט אַנטקעגן אים, האָט ער אויך אויטאָמאַטיש אויפגעהויבן זיינע. אַלע אין וואַגאָן זענען געווען גע־

פלעפט פון דער פלוצימדיקער אינוואַזיע. קיינער האָט נישט גערעדט קיין וואָרט. אַ ווײַלע האָט עס אויסגעזען ווי אַ פרומע צערעמאָניע, ווי מען וואָלט איינער דעם אַנדערן איבערגעצייִלעמט מיט אַ גוט מאָרגן. דער דייטש האָט זיך געשטעלט צווישן מיר און דעם יונג־וואַרג, גלײַך ער וואָלט מיך געוואָלט באַשיצן קעגן דער פרייד פון דעם זיגער.

דאָס ערשטע געפיל בײַ מיר איז געווען נישט קאַס, נאָר קינדישע איבערראַשונג, וואָס איך זע מיט די אייגענע אויגן עפּעס אַזוינס, וועגן וואָס איך האָב ביז איצט בלויז געלייענט אָדער געהערט. אַ שטיק נאַרישע, קינדישע איבערראַשונג פון זען מיט די אייגענע אויגן אַ שטיק וואונדערלאַנד. איך האָב געטראַכט פון ניו־יאָרק, וואו עס ווערן אָפּגעהאַלטן ריזיקע פּראָטעסט־פּאַרזאַמלונגען קעגן אָט־די שווימנדיקע הענט, אָבער מיר איז איצט געגאַנגען אין מערכעק, אין לעגענדאַרישער ווייטקייט, וואָס מען שפּאַנט אַריבער. דאָרט אין ניו־יאָרק איז אַלץ, וואָס איך זע דאָ, ווייט, אויסגעטראַכט, און דאָ איז עס אַנצוטאַפּן־רעאַל. אַ נאַרישער געדאַנק האָט זיך מיר געגומען פּלאָנטערן, אַז אַזוי רעאַל מוז אויך זיין כינע, יאַפּאַן און אינדיע. וואונדערלאַך איז בלויז די שטרעקע — פאַר און דערגרייך אַלץ, וואָס דו מוזט נאָר גלויבן אויפן וואָרט.

אַן ענלאַך געפיל, געדענק איך, האָב איך געהאַט, ווען איך בין געזעסן בײַ אַ סענסאַציאָנעלן מאָרד־פּראָצעס און געזען מיט די אייגענע אויגן די העלדן, די, וואָס האָבן זיך אַמאָל אַזוי שטאַרק געליבט, אַז זיי האָבן בעשוטפעס אָפּגעראַמט אימיצן, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. ביז אין געריכט־זאַל בין איך געווען איינער פון שטראָם, וואָס האָט בלויז געזען אין די צייטונגען דאָס בילד פון דער „שיינער" מערדערין אין פּראָפיל, פון דער „רייצנדער" מערדערין אין פולן גע־זיכט. איצט זע איך מיט מיינע אייגענע אויגן און הער ווי די העלדן רעדן קעמאָט מיט פאַרשלאָפענע שטימען. איך זע, ווי ער, דער קליינ־טשיקער העלד, זיצט אַן איינגעהויקערטער אויף דער שטול און ענטפערט אויף פראַגן. אַ רויטקייט, אַ קינסטלאַכע רויטקייט בליט פונצייטצוצייט אויף זיינע באַקן. ער קוקט אויס געשמינקט פאַר זיין ראָלע. פונוויטנס זיצט זיין שוטפעטע אין ליבע, אין מאָרד, איר פּאָנים איז צעפלאַקערט, אירע האָר צעפּאַטלט. די „רייצנדע" מערדע־רין איז היבש־מיטליעריק, און אָסער, אויב איך וואָלט פאַר איר דער־האַרגעט אַ קאַץ. מען פירט זיי אַרויס פון זאַל, בײַ אַ געריכט־האַפּסאָקע. איך זע זיינע קליינע, דריבנע פיסלאַך, איך זע אירע בריי־

טע באָקעס. ערשט אינדרויסן פון געריכט־זאַל ווערט מיר קלאָר, אַז איך האָב געזען צוויי טויטע מענטשן.

מיט אַזעלכע אויגן האָב איך געקוקט אויף די יונגע בלאָנדע כעווורע און אויף זייערע געשטרעקטע הענט. עס איז מיר אין אָנ־פאַנג שווער געווען זיך צו דערהויבן איבער דער קינדישער טעאַטער־פאָרשטעלונג און עס פאַרבינדן מיט דעם געדעכטן גרימצאָרן פון ניו־יאָרק.

ערשט אַביסל שפּעטער האָט מיר אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן, אַז אויב עס ווערט איצט רעאַל אַלץ, וואָס איך האָב געהערט, איז דאָך אויך עמעס, אַז אָט־די יונגען האָבן מיט דערזעלבער טעאַטעראַלישער פריילאַכקייט געשלעפּט מענער און פרויען פון די הייזער און זיי פאַר־שלעפּט, וואו אַ האָן קרייט נישט. אָט־דיזעלבע כעווורע האָבן געשלאָגן, געפּייניקט, געבריקעט מיט די פיס אין פּאָנים אַריין. אַלץ איז עמעס, אַלע קינדישע זאַכן זענען רעאַליטעטן. איך געפין זיך, הייסט עס, איצט אין וויסט־און־פינצטער לאַנד.

אָבער נאָך אַלץ נישט קיין סינע, נאָר עס האָט מיר גענומען פּלאָ־מען דאָס פּאָנים פאַר מיין אייגענער הילפלאָזיקייט. זיך אויפהויבן און האַלטן אַ רעדע, אַ פּלאַמיקע רעדע! כאָטש שטערן די סימכע און אויס־שרייען אינמיטן פון דער פרייד: איך בין אַ איד. נישט קיין גרויסע קונץ, — אַ איד מיט אַן אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט אין קעשענע. די אַרמיי פון יונגען מיט סוואַסטיקאַס איז געוואָרן אַלץ פריידיקער און טומלדיקער. איך האָב גענומען זוכן שוץ ביי מיין דייטש, אָבער פונקט האָב איך אים געכאַפּט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט, בעאייס ער האָט געענטפערט אויף אַ „הייל".

איך בין אַרונטער אויף דער באַנסטאַנציע. איך האָב געזוכט ווייטערדיקע רעאַליטעטן, אָבער דאָ האָט זיך אַלץ באַוועגט ווי אויף יעדער קליינשטעטלדיקער באַנסטאַנציע אָן שום אייגנטימלאַכקייט. מען האָט געפירט וועגעלאַך, געבראַזגעט אויף די שטיינער, געלאָדע־וועט פּעק. קאָנדוקטאָרן זענען געזעסן אויף די טרעפּ פון די וואָ־גאָנען און זיך געוואַרימט אַנטקעגן דער זון. קופקעלאַך זענען גע־שטאַנען און געשמועסט פאַר זיך. איך האָב געזוכט אַ אידיש פּאָנים.

אַ שטאָלצע שיינע יונגע מיידל מיט ערנסטע אויגן, וואָס האָבן אַזש אויסגעקוקט צו זיין בייז און אומפריינדלאַך, איז געגאַנגען הין און צוריק. זי האָט אינגאַנצן אויסגעזען אַ יאָר זעכצן־זיבעצן, אָבער אַ וועלט פון טרויער איז געלעגן אין איר פּאָנים. זי האָט שפּאַצירט מיט אַ שטאָלצן געהויבענעם קאָפּ. אַ זעלטענער געמיש פון יוגנט און

ערנסט. אוממעגלאַך צו קוקן אויף איר מיט יענע לעקישעוואַטע בליקן, מיט וועלכע מען קוקט געוויינלאַך אויף אַ יונג מיידל. זי בריט דיך צוריק מיט שטרענגע אויגן און קוקט אויס עלטער פון דיר, ווי זי וואָלט דיר אָנגעדרייט אַן אויער פאַר דיין לייכטזיניקייט. דו ווייסט בלויז, אַז עס איז אַ גרויסע דערגרייכונג אָנצוצינדן אַ פייערל פון פרייד אין אַזעלכע קלוגע, טרויעריקע אויגן. אַ הויכע עלטערע דאַמע, איינגאַנצן אין שוואַרצן, קומט צו און נעמט אַן דאָס יונגע מיידל ביים אָרעם. ביידע גייען שוויַיגנדיקע הין און צוריק. זענען זיי אידישע?

מיין דייטש איז אויך אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אויפן וואָק־זאַל. ער האָט איצט אויסגעזען אַסאַך נידריקער ווי פריער און צו־זאַמענגעקאָרטשעטער. ער האָט זיך אַביסל געשעמט מיר צו קוקן אין פּאָנים, איז ער געגאַנגען נאָך מיר ווי אַ שאָטן. עטלאַכע מאָל איז ער מיר פאַרלאָפן דעם וועג און אויף מיר געקוקט מיט אויגן פון אַן אומגליקלאַכער קו. ער האָט געוואָלט זען, אויב עס זענען נאָך פאַרבליבן צווישן מיר און אים ווערטער. ער האָט געהויבן מיט די פּלייצעס, געגעבן אַ הילפלאָזן מאַך מיט דער האַנט, צוזאַמענגעקנייטשט דעם שטערן, ווי איינער רעדט, וואָס קען איין מענטש טאָן?

ווען דער צוג האָט זיך געריר'ט, זענען מיר ביידע געזעסן אין עס־וואַגאָן ביי אַ קליין טישל. דער צוג האָט זיך געהוידעט. אַ פעטער דייטש אין אַ אוניפאָרם האָט געטראָגן אַ גרויסן הייסן מעטאַלענעם פּאַלומיסאַק, און יעדן איינעם האָט ער צוגעטיילט אַ פּאָרציע אויפן טעלער. דער דייטש האָט גאָר'נישט אויסגעקוקט ווי אַ מאַנספּאַרשוין. ער האָט זיך באַוועגט ווי אַ שווערע פרוי און אַפילע זיין צעקנייטשט פּאָנים האָט אויסגעזען, ווי דאָס פּאָנים פון אַן אַלטער, גוטער, איבער־געגעבענער קעכין. ווען ער האָט שוין אַלעמען געהאָט איינגעטיילט, האָט ער מיט ווייבערשער צערטלאַכקייט יעדן איינעם צוגעלייגט נאָך אַ שטיקל.

מיר, דער דייטש און איך, זענען געזעסן איינער אַנטקעגן איבער דעם אַנדערן. ער האָט באַשטעלט אַ פלאַש וויין און ער האָט מיר אויך אָנגעגאָסן אַביסל. מיר איז געווען אָנגעזאָליעט אויפן האַרצן און איך האָב זיך נישט צוגעריר'ט צום וויין.

עס האָט אויסגעקוקט ווי אַ היימישע פּריוואַטע רעסטאָראַציע. עס איז געווען עפּעס דאָרפיש אין דעם עסן, אין סערווירן און אין דעם אַלטן פעטן דייטש, וואָס האָט דערלאַנגט צום טיש.

מיין טיש־קאָמפּאַניאָן האָט מיך געמונטערט — טרינקען זי מאָל, עסן זי מאָל. ער האָט, ווי ענטפערנדיק אויף מיינע געדאַנקען, פאַרפירט

קלוימערשט אַ זייטיקן געשפּרעך וועגן דאָס שטענדיקע אין לעבן, וואָס בייט זיך נישט, וואָס וועט בלייבן אייביק, וועגן דער פרײַנטשאַפטלאָכער אַטמאָספערע אין דעם רעסטאָראַן, וועגן דער מענטשלאָכער וואַרעמ־קייט, וואָס וועט טריאומפירן, אַלע אַנדערע זאַכן זענען טרוויעריקע אינצידענטן, וואָס וועלן פאַרשווינדן. טרינקן זי מאָל. עסן זי מאָל.

אָבער מיר איז געווען שווער, ווי אימיצער וואָלט מיך אַביסל געוואָרגן ביים האַלדז, נאָך נישט אינגאַנצן געשטיקט, נאָר געהאַלטן ביים גאָרגל, גרייט צו דערשטיקן.

און אַזוי האָב איך געפילט נאָכדעם, ווי מיין דייטש איז אַרונטער און ער האָט זיך מיט מיר וואַרעם צעזעגנט, דערקלערנדיק מיר נאָכ־אַמאָל, אַז עס וועט נאָך רעכט זיין. איך האָב אים געוואָלט פרעגן, ווי אַזוי קען עס רעכט זיין, אַז אַלע הויבן דערוויל געהאַרכזאַם די הענט, אָבער איך האָב אויף אים ראַכמאָנעס געהאַט. ער האָט געהאַלטן אין איין שרייען צו מיר: דאַנקעשען! דאַנקעשען!

אַזוי האָב איך געפילט אַ גאַנצן טאָג, ווען דער צוג האָט געסאָפּעט איבער דייטשער ערד און אַזוי האָבן געפילט די עטלאָכע אידן, וואָס זענען געזעסן אין וואַגאָן, געשפּילט קאָרטן און אַפילע נישט אַרויס־געקוקט דורכן פענצטער. בערלין האָט יאָ אַרויסגערופן אַ שטיקל נייגער. מיר זענען אַרונטער און געטראָטן מיט פאַרזיכטיקע טריט, ווי מיר וואָלטן דאָ נישט געהאַט קיין וואוינרעכט, ווי מיר וואָלטן זיך דאָ געפינען אומלעגאַל.

פאַרנאַכט־צו האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן די פעטע, זאַפטיקע, גע־ווירעטע פעלדער. עס האָבן זיך גענומען באַווייזן מאָגערע אָפּגעבליאַקעוועטע שטיקער ערד, מיט ווייניקער גרינס אין דעם גרין, ווייניקער פעטן שוואַרץ אין דער שוואַרצקייט, מיט ווייניקער סיידער. אַלץ איז געווען אַנגעוואָרפן. אַ וואָרף אַהער — טראָף. געטראָפן, וואַקסט עפּעס. אַ וואָרף דאָרט און נישט געטראָפן, וואַקסט אַ שטיק פליכעוואַטע גראָז.

צוויי דינע הירשעלאַך שטייען און קוקן אויף דעם צוג. זי שטייען צוגעקאָוועט און פאַראַליזירט פון שרעק. ערשט ווען דער צוג לויפט זיי פאַרביי, נעמען זיי אַוועקשפּרינגען מיט אַ מערקווירדיקער גראַציעז־קייט — זיי טאַנצן אויף די פעדערשטע פיס און די הינטערשטע קומען אויס, ווי זיי וואָלטן געהאַנגען אין דער לופטן.

די נאָכט פאַרסאַזשעט שוין אינגאַנצן די פענצטער און ווען ס׳באַ־ווייזן זיך עטלאָכע קלײנגעוויקסיקע קאָנדוקטאָרן מיט שמאָלע פּלייצעס און מען הערט די ערשטע פּוילישע ווערטער, ווערט לייכטער ביים

האַרצן. די האַנט, וואָס האָט געהאַלטן ביים גאָרגל, פאַרשווינדט און די קאָמישע ווילד־פֿרעמדע באַן־קאָנדוקטאָרן, וועלכע קוקן אויס, ווי פֿאַרקליידטע שאַבעסגאָיעם, ווערן נאָענט ווי לאַנדסלייט.

אומפאַרשטענדלאַך!

אַ מיטליעריקע פרוי, באַהאַנגען מיט דימענטן, אוירינג און בראַס־לעטן, וועלכע האָט מיר שוין באַוויזן צו דערציילן, אַז זי איז אַ פֿאַר־מעגלאַכע אַלמאַנע, וואָס פֿאָרט איצט אויף קייווער־אָוועס, טוליעט זיך צו מיר. זי האָט ברענענדיקע און, איצט אַנטקעגן נאַכט, האַלב־מעשוגענע אויגן. זי דריקט זיך צו מיר מיט אַ הייסן זאַק און איך דאַנק גאָט, וואָס עס זיצן מיט אונדז נאָך עטלאַכע מענטשן. ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט נאָך כאַלילע מיט מיר געקענט פּאַסירן, אויף דער גרעניץ צווישן דייטשלאַנד און פּוילן, מיט אַזאַ צודרינגלאַכער אַל־מאַנע!

איך בין אַ פֿרייער מענטש, זאָגט זי און ווינקט בעשאַסמייסע מיט אַן אויגל, ווי אַ מאַנסביל. אַז עס קומט צו ליבע, טראַכט איך נישט פֿון יענער וועלט.

אַלע וואָלגערן זיך שוין אויף די האַרטלאַכע בענק. איך האָב מוירע איינצושלאָפֿן, ווייל עס איז קלאָר, אַז מיין שאָכנטע וואַרט אויף עפּעס מיט האַלב־אָפֿענע אויגן. ליג איך איינגעקאָרטשעט און ריר זיך נישט פֿון אָרט. עס נעמט אַ ווילע און זי ווערט אָן איר גאַנצע גוואורע, זי קראַכט צוזאַמען, ווי אַן אַלטע געביידע, וואָס האָט זיך אָנגעשטערנגט צו שטיין איבער די קויכעס. און אַז זי קראַכט שוין צוזאַמען, לאָזט זי זיך איינגאַנצן וואויל גיין — זי נעמט קרעכצן און אָכצן מיט ספּעציפֿישע אַלטע אָכצענישן, ביז זי פֿאַרלירט אינגאַנצן איר רעספּעקט פֿאַר מיר און זי שנאָרכט ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע. נאָכדעם ווי זי צעסטראָיעט זיך, שלאָפֿט זי ערשט איין שטיל און רואיק ווי אַ לעמעלע. עס לאָזט זיך נישט גלויבן, אַז אָט־די באַרואיקטע אַלטע פֿרוי האָט ערשט געזאָטן, געהרעדט פֿאַר פֿייער און פֿאַר וואַסער, און געלייגט גאַנצע נעצן.

ווייזט אויס, אַז איך האָב זיך אויך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט, ווייל ווען איך עפֿן די אויגן, הער איך שוין ווי מען שרייט:

זגערזש! זגערזש!

מיין פֿאַרשלאָפֿענער קאָפּ שטעלט מיך גלייך אויף די פֿאַרשלאָפֿענע פֿיס. זגערזש! פֿאַר מיר מיינט דאָך זגערזש — מיין ברודער ביניאָמען, מיין ברודער מאָרקוס.

זגערזש — מאַרקוס, בינימען. כ׳לויף צו צום פענצטער, עפּשער וועל איך זען קענטלאַכע פּענימער.

דער צוג שטעלט זיך אַפילע נישט. איך פאַל צוריק אויף דער באַנק און איך ווער איינגאַנצן אָפּגעווישט אונטער די גומענע רעדער פון אַ כאַלעם, וואָס פאָרט איבער מיינע צעבראָכענע ביינער. עס איז אַ טיפע פאַנטאַסמאַגאָריע, טיף ווי אַ ברונעם און איך ליג אויף דער סאַמע דנאָ אַ דערטרונקענער. איך בין זיכער אַז איך וועל זיך אַרויס־ראַטעווען, אָבער ווער ווייסט ווען. ס׳האָט געמוזט נעמען שיינע עט־לאַכע שאָ ביז איך האָב אויפגעריסן די אויגן.

האַלב־איינגעפאַלענע כאַלופּעס. פויערים באַגלייטן דעם צוג מיט פאַרשלאָפענע און טרויעריקע אויגן. באָרוויסע פויערטעס שטייען ווי מאַטקעבאָסקעס מיט קינדער אין די אָרעמס, ווי זיי וואָלטן גע־שטאַנען מיט זיי און געבעטלט, ווי זיי וואָלטן זיי געהויבן צו אונ־דזערע אויגן: נאָט, נעמט כאָטש צו ביי אונדז די קינדער, מאַכט לייכטער אונדזער לאַסט. די קינדער ליגן געליימט אין די אָרעמס פון די מאַמעס און האָבן אַזעלכע טרויעריקע אויגן ווי די אַלטע פּוי־ערים. די אויגן בעטלען. די רעדער אַנטלויפן שנעלער. די אויגן באַגלייטן: ברויט. די אַנטלויפנדיקע רעדער ווערן פאַרשאָלטן צו קלאַפּן: ברויט! ברויט! ברויט! שווער צו פאַרגעסן אַזעלכע אויגן.

פינצטערע קוימענס, רויך, סאַזשע און אַן אומגלויבלאַך וואָרט — וואַרשע.

## IV

דער דראַזשקאַזש האָט אַ צי געטאָן די לייצן און דאָס אויסגע־ביינטע פערדל האָט אַוועקגעטאַנצט מיט דער העצקנדיקער דראָזשקע. די וואַרשעווער גאַסן זענען נאָך געלעגן האַלב־פאַרשלאָפן. עס איז געווען הייס, אומגעוויינלאַך הייס פאַר אַן אינדערפרי. די מידקייט פון אַנדערטהאַלבן מעסלעס אויפן צוג האָט מיך צוזאַמענגעקאַרטשעט לעבן מיין געפּעק. די גאַסן האָבן זיך געשיילט און געוויקלט איינע פון דער אַנדערער מיט אַ מערקווירדיקער פרעמדקייט. דער קאָפּ איז געווען שווער און איך האָב אים דאַווקע געריסן הויך, ווי איך וואָלט אים געמינטערט. עס איז געווען ווי איך וואָלט גאַנצע צוואַנ־ציק יאָר זיך אויסגעמאַטערט וואַרטנדיק אויף דעם איצטיקן מאָ־מענט און איצט, אַז דער מאָמענט איז שוין דאָ, בין איך צו מיד אים צו געבן שאַלעמאַלייכעם.

איצט פּלאָנטערט זיך ביי מיר אין קאָפּ אַ מאָדנער געוועב פון

די לעצטע עטלאַכע שלעפּערדיקע און טראַסקנדיקע פרימאָרגן־שאָ איבער דער פּוילישער ערד. מיין מויאַך כאָלעמט איצט איבער די זעלבע כאַלוימעס, ווי עס טרעפט אַמאָל ווען מען וואַכט אויף, מען שלאָפט ווידער איין און מען זעצט פאָר מיט אַ פאַרשלאָפענער באַוואוסטזיניקייט דעם זעלבן כאָלעם.

אָבער דאָס מאָל האָב איך נישט פאָרגעזעצט, נאָר טאַקע פּאָשעט איבערגעכאָלעמט. כ׳האָב זיך געמאַטערט צו רעסטאַווירן דעם כאָלעם אין דער זעלבער שפּינוועבסדיקייט און אומלאָגישער פאַרשטענדלאַכקייט. מיין מויאַך איז אָבער איצט פאָרט געווען אַביסל וואַכער און זאַכן האָבן ווילנדיק־נישט־ווילנדיק געקראָגן אַן אומאַנגענעמע אָרדנונג. די שטיקער כאַלוימעס האָבן געהאַט דעם פריקרען אויסזען פון קאָמפּאָזיציע.

עס האָט זיך ביי מיר צופיל גענומען איבערזעצן פון היראָגליפן־שפּראַך אין אַ פאַרשטענדלאַך לאָשן. אַלץ וואָס איז געווען רויכיק און פאָרמלאָז בעאייס איך בין געלעגן אויפן סאַמע דנאָ פון כאָלעם, איז איצט געוואָרן סאָליד און מיט ווינקלען. דער ערשטער כאָלעם איז געווען לעבעדיק ווי אַ באַרג מיט מוראַשקעס, אָבער ביים איבערכאָלעמען האָב איך פאַנאַנדערגעקיצלט דעם באַרג און עס האָבן גענומען לויפן עפּיזאָדן אין פאַרשידענע ווינקלען, באַזונדערע קאָנטיקע עפּיזאָדן.

דער הינטערגרונט פון כאָלעם איז געווען עפּעס אַ שרעק פאַר אַ מאַשכיס. ס׳האָבן געקלונגען גלעקער פון רוסישע באַסאָווע סאָבאָרן און פון פּוילישע קאָשטשיאָלן און אימיצער מיט אַן אויסגעבויגענעם שטעקן ווי אַ שטיק בוים, האָט זיך געיאָגט באַרג אַראָפּ איבער דער אידן־גאַס, געקלאַפּט אויף אַלע געוועלבער און געוואָרנט קעגן אַ שטאָך אין שאַבעס. געשעפטן האָבן זיך געשלאָסן מיט אַ פאַרשלאָפענער געהאָרכזאַמקייט און עס איז אָנגעפאַלן אַ שרעקנדיקע רו אויף די פאַרמאַכטע קלייטן און אויף דער פאַרשאָטנטער, אָפּגעליידיקטער גאַס.

אין סאַמע צענטער פון די באַסאָווע פּראַוואָסלאַווע קירכן און די דינערע קאַטוילישע, איז געשטאַנען דאָס האַלב־איינגעפאַלענע בעסמעדרעש. די גאַס וואָס האָט געפירט צום מאָקאָמקאָדעש איז געווען פינצטער און פון בעסמעדרעש זענען אַלעמאָל אַרויסגעלאָפן לעבעדיקע לעכאָדוידיס — ליקראַס, געלאָפן אַנטקעגן ווי קליינע קעצעלאַך אַריבער דער שוועל פון בעסמעדרעש.

אַ הויכער וואַסערטרעגער איז געגאַנגען מיט שווערע, פּאַמעלאַכע

טריט און לעבן אים אַ קליין אידעלע. עס איז מיר געוועזן קלאָר, אַז דאָס קליינע אידעלע איז דער רעבי רעב אייזערנער קאָפּ, אָבער ער האָט אַרויפגעקוקט מיט גרויס יערע צום הויכן.

רעבי, האָט ער געזאָגט צום וואַסערטרעגער, דו ווייסט דאָך יאָ ווי אַזוי אָפּצושטעלן ס׳פּיראַניעס. ווּעסטו דערלאָזן, רעבי, אַזאַ אוינעשע, אַז ס׳מאַשכים זאָל פאַרוויסטן די גאַנצע קהילע קדוישע?

רוף מיך ניט רעבע, איז דער הויכער וואַסערטרעגער, וואָס איז געווען אַ גאַנצן טאָג אַ ניכנע, מיט אַרונטערגעלאָזענע פּלייצעס, אַריין אין אַ שרעקלאַכן גרימצאָרן. בעריש וואַסערטרעגער עט זיך נישט לאָזן אָנטאָן דאָס שמויסענע שטריימל אויפן קאָפּ. טו מיר נאָר נישט אָן דעם ראַבאָנישן ספּאָדיק. יעך בין נישט מאַסקים. כ׳על עס נישט לאָזן.

דאָס שטילע קליינטשיקע אידל וואָס איז ביז איצט געגאַנגען געלאָסן איז אויך אַריין אין אַ ברענענדיקן קאַס. ער האָט געביסן די ווערטער, אַז דאָס קאָל זיינס איז אַרויסגעקומען פאַרדומפּן.

אַז דו שפּילסט זיך ראַק אין אַניוועס און אַ פּאַשוטער בענאָדעם איז איצט קעצוין בעלי רויע, ניטאָ פון וועמען קיין אייצעטויווע צו הערן. ס׳מאַשכים שטייט שוין אַט־אַט ביי די טויערן פון שטאָט און דו פאַרווילסט זיך מיט אַניוועס.

בעריש האָט אַרונטערגעלאָזט די פּלייצעס, ווי ער וואָלט ערשט איצט געטראָגן די שווערסטע אַשעס פון גאַנצן טאָג. ער האָט זיך געקאָרטשעט אין דרייען, זיך אָנגעלענט אין דער קאָפּטשנדיקער לאָמטערנע און שטיל געהעשעט.

פון שול זענען אַלץ געלאָפן לעבעדיקע לעכאָדוידיס, קליינע שוואַרצע און גרויע קעצעלאַך. זיי האָבן זיך געקייקלט איבער דער פינצטערער גאַס. ליקראַס קאַלאָ, פּניי שאַבאָס נעקאַבלאָ. ליקראַס, ליקראַס. די גלעקער האָבן זיך פרום געוויגט איבער דער גאַנצער שטאָט און דער לובלינער שטאָטזייגער האָט אויסגעקלונגען כצאָס.

דערנאָך זענען געקומען צוויי פּאָר שטיוואַליעס. די צוויי פּאָר שטיוואַליעס האָבן געשפּאַנט איבער דעם בלאָטיקן וועג. ווען די שטיוואַליעס זענען שוין געווען אויף יענער זייט פון דעם צמענטאַזש, וואָס נאָך דער ראַגאַטקע, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. אַ כאַלערישנע זון האָט דעם וואַסערדיקן הימל געגעבן אַ שטיקל אָנבליק פון טאָג. ביידע פּאָר שטיוואַליעס זענען שוין געווען זיכער, אַז זיי טרעטן אויף שטאָטישער טעריטאָריע און זיי האָבן זיך פאַרגונען דעם טיינעג זיך אַביסל אָפּצורוען.

דער הויכער, מיט דער פלאַקערדיקער רויטער באָרד און מיט די גרינגע קליינע אויגן האָט אַ טיפֿן קרעכץ געטאָן און זיך גענומען גע־שמאַק שיבן איבער דער צעריסענער, וואַטאָוועך, קאַפּאָטע.

דאָס קליינע אידל לעבן אים האָט דערגרייכט דעם הויכן ביז צום גאַרטל. ער האָט געהאַט אַ גרוי שטרויען בערדל און רויטע בעקעלאַך, ווי פֿאַרפֿרוירענע עפּל. ער האָט אַלץ נישט אָפּגעלאָזט דעם הויכנס האַנט, כאָטש יענער האָט זיך געריסן צו באַפֿרייען. דער הויכער האָט אַ ברום געטאָן און דאָס אידל האָט אים געגעבן אַ שאַרפֿן, פּריצישן קניפּ אין דער האַנט, אַז ער האָט זיך צערעוועט און זיך אַזש פֿאַרסמאַרקעט רעווונדיק. און אַזוי שנעל ווי איך האָב אים דערהערט וויינען, האָב איך גלייך דערקענט דעם משוגע־נעם אַביש.

עס איז נאָך נישט געווען רעכט טאָג אָבער פֿונדעסטוועגן זענען שוין ווייסעכעווערעניקעס אַרומגעלאָפֿן און געפּאַטשט מיט די באָר־וויסע פֿיס אין די קאַלוזשעס. ווי זיי האָבן דערזען די צווי, וואָס זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביי דער ראָגאַטקע, האָבן זיי אַרויס־געלאָזט אַ געשריי: דער משוגענער אַביש איז שוין דאָ! דער משוגע־נער אַביש! דער פֿריילאַכער געשריי האָט אָפּגעקלונגען איבער דעם גאַנצן נייעם וועג.

אַ שטיל אינגל מיט פֿרומע בעקעלאַך איז געגאַנגען אין כיידער אַריין. ער האָט געטראָגן אַ וואַרים פּלעצל אָנגעשמירט מיט צעגאַנ־גענער פּוטער, אַ בייטל מיט זויערע ווינשל און אין קעשענע האָט ער געהאַט אַ צווייער פֿאַר סאַכמעראַזש. דאָס שטיל אינגל איז מיר געווען אַזוי באַקאַנט, אַז איך האָב אַזש געוואָלט וויינען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען דרייסט צו אַבישן, אָפּגעקנייפּט אַ שטיקל פּלעצל און אויסגעשטרעקט די האַנט. אָבער ווען אַביש האָט עס געוואָלט אַ כאַפּ טאָן, האָט אים דאָס אינגעלע בלויז אַ ווינק געטאָן מיט אַ שטיל קאָל: וועכויל מאַמינים.

אַביש׳ס גרינגע אויגן האָבן אויפֿגעלויכטן. ער האָט זיך גע־נומען געטריי און פֿרום שאָקלען און מיט פֿאַרשטשעמעטע ליפּן האָט ער אויסגעזונגען מיטן טראָפּ יעדן פּאָסוק.

וועכויל מאַמינים
גאָט מוז מען דינען,
מען מוז אים דינען,
מען דאַרף אים דינען

מיט פרייד און מיט נאַכאַס,
האַגויעל מימאָווועס ופוידע מישאַכאַס.

דאָס קליינע אידל, דאָס טאַטל זיינס, איז געשטאַנען און זיך מיט־געשאָקלט צום טאַקט. אין קאָפּ זענען ביי אים געבאָרן געוואָרן קליינע טרייסטעלאַך, וואָס דער זון זיינער פאַרדינט קאַנעהאָרע אויף כעיונע. שוין יאָרן און יאָרן, ווי ער טאָפּשעט אויס צוזאַמען מיט דעם זון די בלאַטעס פון אַלע שטעט און דערפלאַך און גאָט איז אַ פּאָטער. אַביש האָט אַ געלענג צום זינגען. מען שטופּט דורך באַרעכשעם די וואָך און אַלע פרייטיק קומט מען צוריק הערן לעכו נעראַננאַ אין רעבינס בעסהאַמעדרעש. דאָס טאַטל אַליין קען אויך אָפּזינגען אַ ווענכויל מאַמינים, אָבער נישט מיט דעם זינס רעגילעס. עפּעס זענען ביי אים שוין פאַרפּעצט און פאַרלייגט שטיקער מויאַך. די ווערטער קומען אַרויס שטומפּיק און נישט אַזוי ניגענדיק און מיט דעם זעלבן קרעכץ ווי ביי אַבישן. אָן אַבישן וואָלט ער זיכער צו גרונט געגאַנגען אויף די עלטערע יאָרן.

דאָס קליינע אינגעלע מיט די פרומע בעקעלאַך האָט זיך אַרומ־געקוקט, אויב קיינער זעט נישט און ער האָט אַבישן דערלאַנגט נאָך אַ קניפּ פון וואַרימן פלעצל.

אַביש, זאָג מיר ווי שפּעט איז?

דאָס טאַטל האָט צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט שוין געוואוסט וואָס דאָ קומט. אויף אַזעלכע זאַכן האָט ער טאַקע זיין האַסקאָמע נישט געגעבן, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ טייל פון דער פּאַרנאָסע. אַביש האָט זיך אַ פּאָרע געטאָן ביים קראָק און אַרויסגענומען די זאַך און שלימאַזעלדיק געדרייט ווי ער וואָלט אָנגעדרייט אַ רעגולאַטאָר. דאָס אינגל, וואָס האָט דאָס שוין געהאַט געזען צום וויפילטן מאָל, האָט דערלאַנגט אַ קוויטש און אַ הירזש און גענומען לויפן ווי אַ לאַשעק אין ביידער.

אויף דעם גויעשקן מאַרק זענען שוין געהאַט אָנגעפאָרן אַסאַך פורן. די גאַיעס מיט די הינער און אייער, מיט די גרינסן און אויבסן, מיט די שוואַרצע און רויטע יאַגדעס. די אידענעס האָבן געבלאָזן די הי־נער אויף דעם ריכטיקן אָרט און זיך געדונגען. אַ פויער איז גע־שטאַנען ביי זיין וואָגן און געמאַכט אַ גאַנצע קאַלוזשע. עס איז דערלאָפן שוימנדיק ביז צום פערדל, וואָס האָט געהויבן די פיס. די העקעריונגען מיט די פאַרבלוטיקטע פאַרטיכער האָבן געשאַרפט די לאַנגע שפּיציקע מעסערס. אין העקעריונג האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ יונגע שיקסע, זי געגעבן אַ הויב אין דער לופטן און זי אַזוי געהאַלטן. עט־

לאַכע העקערײונגן זענען אונטערגעשפּרונגען און געדרוקט די הענט אונטער דער שיקסעס קלײדל, װאָס האָט זיך אױפגעבלאָזן פון װינט. די שיקסע האָט זיך געריסן און געדריגעט מיט די פיס און געשריגן האָט זי אױף אַ קװיטש:

פּאַר גאָט, פּאַר גאָט, האָבן זײ נישט קײן מוירע. פּאַר גאָט.

דער מאַרק האָט געשמעקט מיט מעליקע און װײניקע פּערזשיכעס, רױטע טרישטאַװוקעס, מאַלינעס, פרישע מײערן, שאַלאָטן, גרין־געלע אוגערקעס, רױטע רעטעכלאַך. עס איז אַלץ װי אױפגעגאַנגען פּאַר די אױגן און פאַרשמעקט דעם גאַנצן מאַרק.

אַן אַלטע גױע, װאָס האָט אױסגעזען װי אַ מאַכשײפע, איז געשטאַנען און געמעלקט אַ געהאָרכזאַמע ציג און דערלאַנגט אַ גלאָז מיט פריש אױסגעמאָלקנס צו אַ יונג כאָסידל מיט געקרױזלטע פּײעלאַך, װאָס האָט נאָך יעדן שליק מילך זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים האַרץ און געזיפצט מיט קאָװאָנע װי אַ גרױסע רעפּוע.

אַכוץ מיט שאַלאָטן און פּרוכט האָט דער מאַרק געשמעקט מיט קי, הענער, הינט און פערד און מיט די פרישע שטיקער װאָס די פערד האָבן נאָר װאָס געהאָט אָנגעלײגט. בײזע הינט מיט אַלטע פּענימער זענען געװען צוגעבונדן צו די װעגענער. זײ האָבן זיך געריסן פון די שטריק און געהאַװוקעט. האַלב דערשטיקטע הענער, װאָס זענען געלעגן אונטער אַ באַרג שמאַטעס, האָבן קונציק אַרױסגעקראָגן די קעפּלאַך, געקרײעט מיט אַ צוגעװאָרגענעם קרײ און װידער געפאַלן כאַלאָשעס.

אַ ציגײנערן איז אַרומגעגאַנגען, געקלימפּערט מיט אירע קײטן און בראַסלעטן און געריסן בײ יעדן אײנעם די הענט. אידענעס האָבן זיך באַראָטן אײנע מיט דער אַנדערער. אידן האָבן אױך אַרומגעשמאַיעט און געזוכט מעציעס אױף שאַבעס. קײנער האָט זיך נישט אומגעקוקט אױף דער מעשוגענער דבורה, װאָס האָט געהױבן דאָס קלײד ביז צו די אױגן און געשריגן היסטעריש מיט איר קינדישן סיען.

אידן, מוסיאַך װעט קומען.
אידן, מוסיאַך װעט קומען.

דער טאָג איז געװען אַ פאַרנער און די פּױערים האָבן געשװיצט אונטער די שװערע סערמיגעס. זײערע װעגענער האָבן זיך שױן ביסלאַכװײז גענומען רירן אין װעג אַרײן, צוריק אין די דערפלאַך, װאו אַ קילער הימל איז געהאַנגען איבער זײערע כאַטעס, װאָס זענען געשטאַנען צעװאָרפן אין געדיכטע װעלדלאַך.

דער בלינדער דזשיאד איז געזעסן אינמיטן מאַרק, געשפּילט אויף דער קאַטערינקע און צוגעזונגען אַ פּרום לידעלע, וואָס יעדער איינער האָט שוין געקענט פון אויסווייניג. די קאַטערינקע האָט אין זיינע הענט אויסגעזען ווי אַ האַנט־מילעכל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין מאָלן דאָס זעלבע לידל נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

בלינד בין איך אָבער
יעזוס איז גוט צו מיר,
גוט צו מיר,
און מאַריע איז גוט צו מיר,
גוט צו מיר,
זייט־זשע, ליבע מענטשן, גוט צו מיר.
גוט צו מיר.

ריפּיי, ריפּיי, ריפּיי, האָט ער געצויגן דעם בויך פון דער קאַטע־רינקע, וואָס האָט זיך געקאַרטשעט, אויסגעלענגערט און זיך געקע־רעוועט אין אַלע זייטן ווי אַ שלאַנג.

דעם דזשיאַד'ס געזאַנג איז געווען זיסלאַך און האָט זיך געלייגט פּריקרע אויף יעדנס ליפּן. יעדער איינער האָט פון אים געווייכט און ס'האָבן געווייכט פון אים הינט, פערד, אַפילו די קאַטשקעס און די הינער זענען געגאַנגען אַרום אים און אים ניט אַנגערירט, ניט מיט קיין פליגל און ניט מיט קיין פיסל.

אַ סוכאָטנער גאַלעך, מיט אַ לאַנגער, דינער נאָז און אַסאַך זומער־שפּרענקעלאַך איבערן גאַנצן פּאָנים האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַלטיטשקן און זיך גענומען אויסטיינען מיט אים, זינגענדיק.

אַ גוטן טאָג דיר, זיידעשי,
אַ גוטן טאָג דיר.
ווי דינט דיר היינט דאָס ליכט פון דיין האַרץ?

דער דזשיאַד האָט לאַנגזאַם איינגעשטילט זיין קאַטערינקע, ער האָט געענטפערט מיט די זעלבע ווערטער פון זיין לידל, אָבער ער האָט נישט געזונגען. ער האָט בלויז יעדע עטלאַכע ווערטער באַגלייט מיט אַ שטילן ריפּיי.

יעזוס איז גוט צו מיר, ...
גוט צו מיר,
און מאַריע איז גוט צו מיר.

דאָס איז גוט! האָט דער שוואַרצגעקליידטער פרום פאַרגלייזט די אויגן און אַרויסגענומען אַ גראַשן, פאַרזיכטיק באַטראַכט פון אַלע זייטן און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס גלאַנציקע מאַטבייעלע איז ניט קיין רענדל, האָט ער עס אַריינגעוואָרפן אין דעם דזשיאַד׳ס פּושקעלע. דער אַלטיטשקער האָט גלייך ווידער אויפגע־שפּילט זיין לידל און אונטערגעהוידעט מיט דעם האַלב־זיצנדיקן גוף.

דער גאַלעך איז געגאַנגען פון איין בודקע צו דער אַנדערער, וואו עס זענען געהאַנגען הייליקע פּאַטשערקעס, קופּערנע יעזוסלאַך, רויטע לאַמפּאַדעס, פּעט־אַנגעשמירטע מאַריעס אין געגילדטע רעמלאַך, בלויטיקע הערצער, יעזוסן מיט דערנער אַרום די בלאַנדע קעפּ. ער האָט פרום געטאַפּט די שטיקלאַך הייליקוואַרג. די גאַיעס זענען אים פאַרבייגעגאַנגען און אים געקושט די האַנט.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ יונגער שיקסע, וואָס איז געזעסן צווישן הויכע, ערדענע טעפּ מיט מאַלינעס. די שיקסע איז שנעל אויפגע־שפּרונגען און רויטלענדיק זיך האָט זי אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט און זי צוגעפּרעסט צו די ליפּן. דער גאַלעך האָט גענומען עטלאַכע מאַ־לינעס, אויפגעעפנט די איידעלע, האַריקע פיסקלאַך, זיי אַריינגעוואָרפן אין מויל און זיך פאַסמאַקעוועט.

עטלאַכע האָט ער געהאַלטן אויף דער דלאָניע. ער האָט געקוקט אויף די מאַלינעס, וואָס זענען געשטאַנען ווי די קליינע וואַזעס.

געראַטן, געראַטן, האָט דער גאַלעך גערעדט קייענדיק. דער הער־גאָט האָט הייאָר געבענטשט אונדזערעביימער און אונדזער ערד.

און ווי דער גאַלעך איז געשטאַנען און געקוקט אויף דער דלאָניע, וואָס האָט אויסגעזען אינגאַנצן פאַרבלוטיקט פון די מאַלינעס, איז דער מאַרק פּלוצים געוואָרן טרויעריק פון איין עק צום אַנדערן. עפּשער דערפאַר, ווייל ער האָט זיך מיטאַמאָל אינגאַנצן אָפּגעליידיקט און ווייל ס׳איז געוואָרן טונקל מיט אַן ערעוושאַבעס־טונקלקייט.

דער מאַן מיט דעם אויסגעבויגענעם שטעקן האָט זיך נאָך אַלץ געיאָגט באַרגאַראָפּ איבער דער אידנגאַס און געקלאַפּט אויף אַלע געוועלבער. דער גאַלעך האָט געגעבן אַ סיגנאַל מיט זיין רויטער דלאָניע און ס׳האָבן זיך צעקלונגען די רוסישע באַסאָווע סאָבאָרן און די פּוילישע קאַשטשיאָלן. אָבער מיטאַמאָל זענען זיי שטום געוואָרן און ווי די רויטע דלאָניע האָט זיך ביי זיי נישט געבעטן זענען זיי אַלץ גע־בליבן שטום. דער בלינדער דזשיאַד איז געבליבן זיצן ביי אַן אַלטער פאַרפישטער וואַנט אויפן מאַרק און געצויגן די קאַ־טערינקע.

